ב. מיכאַלעוויטש

# געשטאַלטן און פּערזענלעכקייטן

געזאַמלטע אַרטיקלען וועגן
דענקער און טוער פון דער
אַרבעטער-באַוועגונג

וואַרשע 1938

חילע געצייכנט פון ה. צינא

געזעצט אין קאָאָפּעראַטיוו
„נייע - צייט” נאָוואָליפּיע 7

געדרוקט אין דער דרוקעריי
„גראַפּיא” נאָוואָליפּקי 7

קלישעס אויסגעפּאַרטיקט
אין „צינקאפּאט” לעשנאָ 6

די הילע און די בילדער
געדרוקט אין דער דרוקעריי
„פּראָגרעס” נאָוואָליפּקי 18

רויסגעגעבן דורכן צענטראַל-קאָמיטעט פֿון
„בונד“ אין פּוילן צום 10-טן יאָרצייט נאָכן טויט
פֿון בייניש מיכאַלעוויטש 1928 — 1938

# אינהאלט:

„און אָט שטייען מיר היינט אין פייער פו·
פּאָליטישן גערעאַנגל אַרומגערינגלט מיט גרויסע
מחנות אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס און ס'רייסט
אונז אַזאַ בענקענדיק געפיל נאָכן פּריצייטיקן פאַר-
שטאָרבענעם פירער, מיר גאַרן אַזוי צו הערן זיין
קרעפטיק וואָרט, מיר וואַרטן אַזוי אויף זיין
שטאָל-שאַרפן געראַנק".

(אויסצוג פון אַרטיקל אין דער „פאָלקסצייטונג" פון 1928
נ. 8 „דער פירער און זיין צוואה" פון ב. מיכאַלעוויטש).

# דער וועג־ווייזער פֿון דער מענטשהייט

**(צום 40־טן יאָרצייט פֿון קאַרל מאַרקס)**

דעם 14־טן מערץ 1883 איז בײַ זײַן אַרבעט־טיש אין לאָנדאָן אײַנגעשלאָפֿן אויף אײביק אײנער פֿון די גרעסטע גאונים פֿון אונזער צײַט — קאַרל מאַרקס.

נאָך בײַ זײַן אָפֿענעם קבר האָט זײַן פֿרײַנט און מיט־אַרבעטער פֿרידריך ענגעלס זיך אויסגעדריקט: די מענטשהייט איז געוואָרן מיט אַ קאָפּ נידעריקער. 40 יאָר זענען שוין אַריבער פֿון יענער צײַט און די מענטשהייט איז נאָך דערווײַל נישט העכער געוואָרן מיט אַזאַ קאָפּ. זי האָט נאָך נישט יענעם דענקער און געלערנטן, וועלכער זאָל זיך קאָנען גלײַכן צו מאַרקסן מיטן ווערט פֿון זײַנע פֿאָרשונגען, מיט די רעזולטאַטן, וואָס זײַנע וויסנשאַפֿטלעכע אַנטפּלעקונגען האָבן געבראַכט מיט זיך, מיט זײער נוצלעכקייט און אָנווענדבאַרקייט אין דער פּראַקטיק.

מיר האָבן פֿאַר דער צײַט געהאַט גענוג געלערנטע, וועלכע האָבן די אויספֿאָרשונגען איבער דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט נאָך ווײַטער אַנטוויקלט. מיר האָבן פֿאַרמאָגט גענוג פּאָליטישע קעמפֿער, וועלכע האָבן זיך אויסגעצײכנט מיט זײער דרייסטקייט און ענטוזיאַזם. אָבער מיר האָבן נישט געהאַט און פֿאַרמאָגן עד היום נישט אַזאַ אײנעם, וועלכער זאָל מאַכן אַזאַ

גרינדלעכע איבערקערעניש אין די באַגריפן וועגן מהות פון דער געזעלשאַפט און פון אירע סאָציאַלע קאַמפן. מיר האָבן נאָך אויך נישט אזא פּאָליטישן טוער, ביי וועמען די קאַלטע, אָביעקטיווע לאָגיק זאָל זיך אַזוי האַרמאָניש צונויפפּאַסן מיט אַ פלאַמענדיק, הייס האַרץ, ווי דאָס איז געווען ביי מאַרקסן.

ס'איז שוין נישט איין מאָל געמאַכט געוואָרן די אַנאַלאָגיע צווישן מאַרקסן און דאַרווינען. די זעלביקע באַדייטונג, וואָס האָבן געהאַט פאַר דער ביאָלאָגיע די אויספאָרשונגען פון דעם גרויסן ענגלענדער איבער דעם חיהשן לעבן אויף אונזער ערד, — האָבן פאַר דער סאָציאָלאָגיע די אַלע געזעצן און כללים, וועלכע מאַרקס האָט אויפגעדעקט אין סאָציאַלן לעבן פון די מענטשן.

דאָס הייסט נישט, אַז די אַלע כללים זענען דורך מאַרקסן אַליין אַנטפּלעקט געוואָרן, פּונקט ווי נישט אַלץ, וואָס דאַרווין האָט אין דער ביאָלאָגיע אַריינגעטראָגן, איז דווקא דורך אים גופא „אַנטדעקט” געוואָרן. נאָר אַזוי ווי דער לעצטער האָט צונויפגעזאַמלט פאַרשידענע השערות און רעיונות איבער די געזעצן פון לעבן, וואָס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון זיינע פאָרגענגער, אין איין טעאָרעטישן סיסטעם און האָט זיי וויסנשאַפטלעך באַגרינדעט, — אַזוי האָט אויך מאַרקס צונויפגענומען פאַרשידענע געדאַנקען, צעוואָרפענע באַאָבאַכטונגען, צופעליקע מיינונגען וועגן געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט אויסגעפּרובירט זייער גילטיקייט, זיי אין אַ סיסטעם געבראַכט און צו איין סינטעז דערפירט. דעם כאַאָטישן, ליידנשאַפטלעכן מענטשלעכן געראַנגל האָט מאַרקס פאַרוואַנדלט אין אַ לערע איבער דער געזעלשאַפט — אין אַ שטרענגער וויסנשאַפט.

מאַרקס איז צוגעטרעטן צו שטודירן די מענטשלעכע געזעלשאַפט, ווי אַ שטרענגער געלערנטער, ווי אַ מאַטעמאַטיקער זיינע ציפערן, און אַ נאַטור־פאָרשער — די אייביקע נאַטור־

דערשיינונגען. ער האָט זיך געהאַלטן ביי שטרענג־וויסנשאַפט־לעכע מעטאָדן אין זיין אַרבעט, ער האָט געלייגט גרויס געוויכט אויפן כוח פון מענטשלעכן געדאַנק. ער איז געבליבן טריי דעם באַרימטן שפּריכוואָרט פון זיין לערער העגעל: „אַפילו אַ פאַר־דאָרבענער געדאַנק פון אַן אויסוואָרף איז אַ סך גרעסער און דערהויבענער, ווי די ניסים פון גאָט אין הימל".

אָבער די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט איז נישט געווען ביי אים בלויז אַן אַרבעט „לשמה", בלויז צוליב „ריינער וויסנ־שאַפט". ער איז צוגעטרעטן צו איר מיטן צוועק „צו אַרבעטן פאַר דער וועלט". ער האָט זיך אויסגעדריקט: „די וויסנשאַפט טאָר נישט זיין אַן עגאָיסטישער פאַרגעניגן. דווקא די יעניקע מענטשן, וואָס זענען אַזוי גליקלעך, אַז זיי זענען בכוח זיך אָפּצוגעבן וויסנשאַפטלעכע צוועקן, דאַרפן זיין די ערשטע, וועלכע דינען מיט זייערע קענטעניש דער מענטשהייט". און שטייענדיק שוין אין דינסט פון דער מענטשהייט, זייענדיק שוין אַ סאָציאַ־ליסט און אַ רעוואָלוציאָנער, האָט ער דערפילט, ווי נויטיק די וויסנשאַפט איז פאַר דער דאָזיקער אַרבעט, אַז „די קריטיק פון וואָפן" אַליין איז נישט גענוג. ס'זענען נאָך נויטיק אויך „וואָפן פון קריטיק", און די דאָזיקע וואָפן האָט ער גענומען אויסשמידן פאַר דער קעמפנדיקער מענטשהייט.

מאַרקס איז צוגעטרעטן צו וויסנשאַפטלעכער אַרבעט מיטן צוועק צו דינען דער מענטשהייט. און דער ערשטער רעזולטאַט פון זיינע פאָרשונגען איז געווען — ער האָט אַנטפּלעקט דעם פּראָלעטאַריאַט.

פּראָלעטאַרישע, הונגעריקע, ליידנדיקע און זיך ראַנגלענ־דיקע מאַסן האָבן שוין פיל געזעלשאַפטלעכע פאָרשער נעקענט פאַר מאַרקסן. אָבער זיי האָבן געזען בלויז זייער עלנד, זייער צעשטויבטקייט, זייער צעשטערנדיקע בונטאַסטיכיע. מאַרקס האָט אַנטפּלעקט אין זיי זייער באַוווסטזיניקן כוח, זייער היס־טאָרישע שליחות, די מענטשלעכע צוקונפט. מאַרקס האָט די

דאָזיקע מאַסן צו אַ קלאַס דערהויבן און אין זיי אַ גרויסן אידעאַל אַריינגעבלאָזן.

מאַרקס ווערט גערעכנט פאַרן „ריטער פון קלאַסן־קאַמף". ער האָט דער ערשטער דעם בריטן, אוטאָפּיסטיש־סענטימענטאַלן לאָזונג: „אַלע מענטשן זענען ברידער" — פאַרביטן מיט דעם פּראַקטישן קאַמפּס־רוף: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך". אָבער דאָס הייסט נישט, אַז ער האָט פאַרשמעלערט די באַזע פון קאַמף, ער האָט זי נאָר קאָנקרעטיזירט. דאָס באַדייט נישט, אַז ער האָט ביים סאָציאַליזם אָפּגענומען גרעסערע מענטשן־רעזערוון, אדרבה, ער האָט אים גראָד געגעבן אַ סאָציאַלן אָנלען, אַ לעבעדיקע, מענטשלעכע מחנה, וועלכע מוז נאַטורמעסיק, נישט צוליב סענטימענטאַליטעט און גוטהאַרציקייט, קעמפן פאַר דער דורכפירונג פון דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל.

מאַרקס האָט דורך דעם נישט רעדוצירט די מענטשהייט צום פּראָלעטאַריאַט, נאָר ער האָט דעם פּראָלעטאַריאַט דערהויבן צו דער מדרגה פון אַן אַרבעטנדיקער מענטשהייט, צום אוואַנגאַרד פון דער אַרמיי, וואָס קעמפט פאַר אַ נייעם מענטשלעכן לעבן אויף דער וועלט.

מאַרקס האָט אונז געלערנט צו פאַרשטיין די געזעלשאַפט נישט אַלס פאַרגליווערטע, אייביקע דערשיינונג. ער האָט אונז זי געוויזן אין איר שטענדיקער אַנטוויקלונג, אומוואַנדלונג, אין פאָרם־שינויים. ער האָט פאַר אונז אויפגעדעקט די געזעצן פון דער ענדערונג, די טענדענצן פון איר אַנטוויקלונגסגאַנג. און לויט די דאָזיקע געזעצן, אין איינקלאַנג מיט די דאָזיקע טענדענצן, האָט ער אונז געראַטן צופּאַסן אונזער טעטיקייט, פאַרווענדן אונזערע פּראַקטישע כוחות.

„די מענטשן — האָט אונז מאַרקס געלערנט — מאַכן זייער אייגענע געשיכטע. אָבער זיי מאַכן זי נישט פון פרייע שטיקער, נישט אונטער אומשטענדן, וועלכע זיי האָבן זיך אַליין אויס־

געוויילט, נאָר די אומשטענדן געפינען זיך שוין צוגעגרייט און פאַרטיק". און דערפאַר איז קודם־כל נויטיק אויספאָרשן די נאַטור פון די אומשטענדן און זייערע אַנטוויקלונגס־געזעצן. אָבער שטעלט ווייטער מאַרקס פעסט: „אפילו ווען אַ געזעל־שאַפט איז געקומען אויף די שפורן פון די נאַטור־געזעצן פון איר באַוועגונג, קען זי נאַטורמעסיק נישט אריבערשפּרינגען אירע אַנטוויקלונגס־פאַזן און נישט זיי אָוועקדעקרעטירן". די דאָזיקע פאַזן מוזן דורכמאַכן זייער נאַטירלעכע אַנטוויקלונג, ביז וואַנען עס קומען אָן נייע מעגלעכקייטן פאַר דער באַ־וועגונג.

דאָס באַדייט אָבער נישט, אַז מענטשן דאַרפן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און בלויז קוקן אויפן ווּיסנשאַפטלעכן באַראָ־מעטער פון דער געזעלשאַפט: „אויב דער מענטש בילדעט זיך פון די אומשטענדן — קומט צום אויספיר מאַרקס — מוז מען די אומשטענדן מענטשלעך בילדן. אויב דער מענטש איז פון נאַטור געזעלשאַפטלעך, אַנטוויקלט ער אָבער זיין אמתע נאַטור אין דער געזעלשאַפט און מען דאַרף די מאַכט פון זיין נאַטור נישט מעסטן מיט דער מאַכט פון איינצלנעם יחיד, נאָר מיט דער מאַכט פון דער געזעלשאַפט".

אין די דאָזיקע אַפאָריזמען־פאָרמיקע געדאַנקען אַנטפּלעקן זיך פאַר אונז זיכערע און דרינגענדיקע אויספירונגס־כללים פאַר אונזער פּראַקטיש־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, זיכער ווי די ווירקלעכקייט אַליין, דרינגענדיק ווי אַ נאַטור־געבאָט פון אונ־זער געזעלשאַפטלעכן חוש.

מיט אַ ברייטן פאַרנעם פון אַ מייסטער האָט ער צעגלי־דערט די אינעווייניקסטע פּראָצעסן פון דער היינטיקער קאַ־פּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. די אַנאַטאָמיע פון איר עקאָנאָ־מיק, דעם קאָמפּליצירטן עקאָנאָמישן מעכאַניזם האָט ער פאַר אונז פאַנאַנדערגענומען אויף שטיקלעך, ער האָט אונז געוויזן אין אַלע פּרטים די התחלה פון פּראָדוקט, זיין אומוואַנדלונג



אין אַ סחורה, זיינע גלגולים אויפֿן מאַרק, ביז ער קומט צו זיין העכסטן אויסדרוק — צום קאַפּיטאַל.

ער האָט אויך פֿאַר אונדז אויפֿגעדעקט דעם תּוך, די נשמה פֿון דער פּראָדוקציע — די אַרבעט, און אַזוי אַרום אַרויסבאַקומען דעם העכסטן ווערט־שאַפֿנדיקן פֿאַקטאָר, וועלכער ווערט אין דער הייַנטיקער וועלט נישט דערצאָלט און אַפֿילו פֿאַרכאַפּט דורך די נישט אַרבעטנדיקע סאָציאַלע גרופּן.

מאַרקס האָט אונדז געשאַפֿן אַ טעאָריע, וועלכע איז אַזוי געניאַל אין איר איינפֿאַכקייט און אַזוי איינפֿאַך אין איר געניאַליטעט, — אַ טעאָריע, וועלכע איז אַריינגעדרונגען, ווי אַ בליץ אין די מוחות פֿון די אַרבעטער־מאַסן און האָט דאָרט געמאַכט ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך.

באַגריינדעט מיט אַ פֿעלזן־פֿעסטער זיכערקייט די אָביעקטיווע נויטווענדיקייט פֿאַרן יורש פֿון דער בורזשואַזיע, דעם פּראָלעטאַריאַט, צו קומען צו דער מאַכט, האָט ער אים אין דער זעלבער צייט באַוואָפֿנט מיט דער שטאַרקסטער מאַכט אין דער וועלט — מיט דער וויסנשאַפֿט.

אַ דאַנק מאַרקסן האָט דער סאָציאַליזם אויפֿגעהערט צו שוועבן אין די עולמות עליונים פֿון אוטאָפּיע און פֿאַנטאַזיע און די אַרבעטער־באַוועגונג — צו באַברען זיך אין זומפּ פֿון קליינלעכע, אָפּגעריסענע צילן. מאַרקס האָט די פּראַקטישע באַוועגונג באַזעלט מיט סאָציאַליסטישע צילן און זיי אויף אַ פֿעסטער יבשה אַוועקגעשטעלט.

און אין דעם ליגט טאַקע די גרעסטע באַדייטונג פֿון מאַרקסן, זיין אומבאַגרייפֿלעכע ווירקונג אויפֿן גאַנג און טעמפּ פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

און אויב אַפֿילו אין שטורמישן ים פֿון ליידנשאַפֿטלעכע קאַמפֿן פֿאַרשטעלן אַמאָל די געדיכטע נעפּלען דעם לייכטטורעם, וואָס מאַרקס האָט פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט אויפֿגעשטעלט, איז דאָס מער נישט ווי אַ צייטווייליקע דערשיינונג, אַ קורצע לויטן גע־

שיכטלעכן מאסשטאב, פארבלענדעניש. פריער אָדער שפּעטער שיינען אויף די הויכע שפּיצן פונם לייכט-טורם פאַר די בלאָנ־דזשענדיקע שיפער, וועלכע האָבן דעם וועג פארלוירן און זיי דערזעען די ברייטע, ווייטע האָריזאָנטן, וואָס מארקס האָט פאַר דער באוועגונג אָנגעצייכנט.

דער מארקסיזם איז געוואָרן דער מוח פון דער סאָציאַליס־טישער באוועגונג, איר זיכערער וועגווייזער און גאראנטיע פון קומענדיקן נצחון.

„פאָלקסצייטונג", דעם 16־טן מערץ 1923. נומ' 65.

# פערדינאַנד לאַסאַל

## (צו זיין הונדערט־יאָריקן געבורטסטאָג)

יעדע צייט האָט איר סטיל, אירע העלדן, אירע פירנדיקע פערזענלעכקייטן, אָבער קיין עפּאָכע איז נאָך נישט געווען אַזוי פרוכטבאַר מיט היסטאָרישע פערזענלעכקייטן, ווי די ערשטע העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. דאַמאָלסט איז עפּעס געווען אַ גערעטעניש אויף פּאָליטיקער, פילאָזאָפן און פּאָעטן, וועלכע האָבן זיך אויפגעהויבן העכער פון זייער צייט, האָבן זי אַ שטאַרקן שטויס געטון פאָרויס און דערמיט זיך אַריינגעקלאַמערט אויף אייביק אין דער געשיכטע.

קאַרל מאַרקס, פרידריך ענגעלס, דער פּאָעט־רעוואָלוציאָנער הערוועג, דער סאָציאַליסט־פילאָזאָף משה העס און דער פלאָמענדיקער דענקער און דענקענדיקער אַגיטאַטאָר פערדינאַנד לאַסאַל. זיי אַלע זענען געבוירן געוואָרן אין איין יאָר־צענטליק און זיי אַלע האָבן זיך, יעדער אויף זיין שטייגער, אַזוי טיף איינגעקריצט אין דער געשיכטע, אַז מיליאָנען מענטשן קוקן מיט הונדערט יאָר שפּעטער אַרויף צו זיי, באַוואונדערן זייער גרויס, באַגייסטערן זיך מיט זייערע מעשים און ווערן אַנטציקט פון זייער העראָישקייט.

ווייל דאָס איז געווען די העראָישע צייט פון דער נייער מענטשהייט. דער אידעישער איבערברוך פון דער בירגערלע־

כער וועלט, דער ערשטער אָנקום פון פּראָלעטאַרישן סאָציאַ־ליזם.

יעדע פון די דערמאָנטע פּערזענלעכקייטן האָבן אריינגע־טראָגן זייער אייגנס אין די שפּיגלער פון מענטשלעכן דענקען און פילן. יעדער פון זיי האָט געטראָגן ציגל און לײם פאַרן סאָציאַליסטישן בנין און באַרייכערט דעם פּראָלעטאַרישן באַ־וווסטזיין. אָבער אויסגעטיילט פון זיי אויף אַ באַזונדער פּיע־דעסטאַל, שטייען די צוויי גרויסע מענטשן־ריזן — מאַרקס און לאַסאַל.

מאַרקס איז געווען דער אַרכיטעקט פונם פּראָלעטאַרישן סאָציאַליזם, ער האָט זיין גאַנצע אינערלעכע קאָנסטרוקציע גע־שאַפן. ער האָט דעם סאָציאַליזם אויף אַ פעסטן, זיכערן פונ־דאַמענט אוועקגעשטעלט.

פערדינאַנד לאַסאַל איז געווען דער קינסטלער פונם סאָ־ציאַליזם, זיין אָרנאַמענטן־צייכענער, זיין מאָלער און דעקאָ־ראַטאָר, ער האָט אים באַפּוצט מיט זיין פילפאַרביקער פּערזענ־לעכקייט, אים באַלויכטן מיט זיין פלאַמפייערדיקן האַרץ און באַפליגלט מיט זיין אידעאַליסטישן אויפשוווּנג.

אַ באַזונדער כוח האָט פאַרמאָגט דער דאָזיקער סאָציאַ־ליסט און דענקער. יעדן געוואָגטן געדאַנק האָט ער גלייך מאַ־טעריאַליזירט אין אַ פאַקט; יעדע פילאָזאָפישע קאָנצעפּציע האָט ער תיכּף פאַרוואַנדלט אין אַ טאַט. ער איז געווען, ווי מאַרקס האָט זיך אויסגעדריקט, אַן „אומוימיטלבאַרע טאַט פאַרן פּראָלעטאַריאַט".

זיינע רעדעס, זיינע ווערטער זענען געברויכט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט פאַריבערגייענדיקע פאַקטן, מיט מאָמענטאַלע געשעענישן. די גאַנצע וועלט האָט שוין זינט יענער צייט אין גאַנצן אַן אַנדער אויסזען. די אַרבעטער־באַוועגונג שטייט פאַר גאַנץ נייע אויפגאַבן. און דאָך איז אַלץ, וואָס לאַסאַל האָט געזאָגט, זיינע אַלע רעדעס און ווערטער, נישט אַלט געוואָרן

פאַר דער צייט. זיי האָבן נישט פאַרלוירן זייער לעבעדיקן אינהאַלט און זענען פאַרבליבן ביז היינט צו טאָג אַזוי צאַפּלדיק פריש, אַזוי טעאָרעטיש באַלערנדיק און פּאָעטיש דערהויבן.

קומענדיק פון זיינע געשיכטלעכע סטודיען צום אויספיר, אַז אין דער גאַנצער געשיכטע גייט תמיד מאַכט פאָרויס, פאַר רעכט, האָט ער זיך באַמיט, אַז דאָס רעכט זאָל פון זיין זייט אונטער זיך צונויפזאַמלען אַ באַדייטנדיקע מאַכט, כדי צו צע־שמעטערן די מאַכט פון אומרעכט. לערנענדיק די אַרבעטער, אַז די קאָנסטיטוציע איז בלויז אַן אויסדרוק פון די פאַקטישע מאַכט־פאַרהעלטענישן אין לאַנד, האָט ער אויסגענוצט זיין גאַנצע ענערגיע, אַז די דאָזיקע מאַכט־פאַרהעלטענישן זאָלן גע־ענדערט ווערן צום גינסטן פון „דער אידעע פון דער נייער צייט".

„איר, דער פאַרבאַנד פון די אָרעמסטע קלאַסן, זייט די מלוכה", האָט ער אַריינגעקלאַפּט, ווי מיט האַמערס אין די מוחות פון די דייטשע אַרבעטער און ער האָט זיי צום ערשטן אָרגאַניזירט צום קאַמף פאַר דער מאַכט אין דער מלוכה.

פערדינאַנד לאַסאַל — אַ פאַרברענטער ראַדיקאַל־רעוואָלוציאָ־נער, וואָס האָט געקעמפט אין יאָר 1848 אויף די באַריקאַדן קעגן דער מאָנאַרכיע צוזאַמען מיט דער בירגערלעכער דעמאָ־קראַטיע, אַליין אַ זון פון דער בורזשואַזיע, האָט ער דער ערשטער גערופן דעם פּראָלעטאַריאַט איבערצורייסן מיט דער פּראָגרע־סיווער בורזשואַזיע און בילדן אַליין אַן אייגענעם כוח, גרינדן אַן אייגענע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע.

דעם גרונט־פּרינציפּ פון קאַרל מאַרקס וועגן קלאַסן־קאַמף האָט לאַסאַל צום ערשטן מאָל דורכגעפירט אין לעבן בנוגע דעם דייטשן פּראָלעטאַריאַט, מיט זיין בילדן אין יאָר 1863 אין לייפּציג דעם „אַלגעמיינעם דייטשן אַרבעטער־פאַריין" מיט אַן אייגענעם פּראָגראַם און זעלבסטשטענדיקע צילן.

אָבער אָרגאַניזירנדיק זעלבסטשטענדיק דעם פּראָלעטאַריאַט

צום פּאָליטישן קאַמף, איז לאַסאַל נישט אויסן געווען קיין ענגע עגאָיסטישע קלאַסן־אַמביציעס פון די אַרבעטער. ער האָט גע־רופן צום „בונד פון די אַרבעטער און פון דער וויסנשאַפט, פון די צוויי קעגנזעצלעכע פּאָלוסן פון דער געזעלשאַפט, וועלכע וועלן, ווען זיי וועלן זיך אַרומנעמען, דערדריקן אין זייערע אייזערנע הענט אַלע קולטור־שטערונגען".

לאַסאַל האָט געוועקט און געהויבן דעם באַוווסטזיין פון וועלט־באַפרייער אין די פאַרשקלאַפטע אַרבעטער־מאַסן. „אונז פּאַסט נישט מער — האָט ער געדונערט — די זינד פון די אונטערדריקטע, די ליידיקגייערישע פאַרווײַלונגען פון די גע־דאַנקענלאָזע, ווי אויך דער אומשולדיקער לייכטזין פון אומ־דייטנדיקע".

די אַרבעטער, האָט לאַסאַל געמוטיקט, דאַרפן זיין תמיד פול מיט שטאָלצן באַוווסטזיין, אַז זיי זענען שעפער פון א נייער וועלט. און מיט דעם דאָזיקן באַוווסטזיין דאַרפן זיין דורכגע־דרינגען אַלע זייערע מעשׂים, זייער טאָג־טעגלעכע פּראַקטיק. „דער פּראָלעטאַריאַט איז דאָס פעלד, אויף וועלכן עס דאַרף אויסגעבויט ווערן דער בית־המקדש פון דער היינטיקער צייט"— דאָס איז די גרויסע צוואה, וואָס איז אונז פאַרבליבן פון לאַ־סאַלן.

און דער דאָזיקער רוף זיינער וועקט און מונטערט די אַר־בעטער־מאַסן און דער גאַנצער וועלט ביז היינטיקן טאָג.

בוויענדיק מיט התלהבות און ענטוזיאַזם דעם היכל פון דער נייער צייט, ערן זיי היינט מיט אַכפּערונג און כבוד דעם גרויסן מענטש און פלאַמענדיקן אַפּאָסטאָל פון דער נייער רע־ליגיע, וועלכער האָט זיי אָנגעצינדן מיט זיין פּאַטאָס, האָט זיי באַשאָנקען מיט זיין אומאויסשעפּלעכן פייער.

„א. פּאָלקסצייטונג". 1925. נומ' 87.

# קאַרל קאַוטסקי

**(צו זיין 65־טן געבורטסטאָג)**

די ביטערע, שווערע צייט, וועלכער דער פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַל מאַכט איצט דורך, דער גרויסער תהו־ובהו, וואָס די דאָזיקע צייט האָט אַריינגעטראָגן אין דער סאָציאַלער ווירקלעכקייט, ווי אויך איר אָפּשפּיגלונג אינם מענטשלעכן באַוווסטזיין, מאַכן איצט פאַר דעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט אוממעגלעך צו פייערן ווי געהעריק, לויטן פאַרדינסט און באַדייטונג, דעם 65־יאָריקן געבורטסטאָג פון איינעם פון די גרעסטע פאַרשטייער פון סאָציאַליסטישן געדאַנק, פון באַדייטנדסטן סאָציאַליסטישן טעאָרעטיקער און פּראָלעטאַרישן קעמפער — קאַרל קאַוטסקי.

קאַרל קאַוטסקי פאַרנעמט אין דער סאָציאַליסטישער טעאָריע אַן אָרט צוזאַמען מיט מאַרקסן און ענגעלסן. זייענדיק שוין אַ זעלבסטשטענדיקער פאָרשער, אַן אָנערקענטער עקאָנאָמיסט, שטייט קאַוטסקי צו צו דער מאַרקסיסטישער לערע, דרינגט זיך דורך מיט איר גרויסן אמת, שאַצט אָפּ דעם וויסנשאַפטלעכן ווערט פון אירע מעטאָדן און ווערט אַ הייסער, איבערגעגעבענער תלמיד פון די צוויי גרויסע גרינדער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

אין יאָר 1883, אין טויט־יאָר פון קאַרל מאַרקס, האָט קאַרל

קאוטסקי איבערגענומען די רעדאקציע פון ניי־געגרינדעטן וויסנ־שאפטלעך־סאציאליסטישן זשורנאל „די נייע צייט". און פון דאמאלט אן, 36 יאר נאכאנאנד, האט ער זיין גאנץ לעבן אפ־געגעבן אויף צו פאפולאריזירן, אויפצוקלערן און ווייטער אנט־וויקלען דעם מארקסיזם.

ביז קאוטסקין האט דער עולם געהאט ווייניק מעגלעכקייט זיך צו באקענען מיט דער עקאנאמישער לערע פון קארל מארקס, נעשריבן אין א שווער פארשטענדלעכער פארם, אפערירט מיט שטרענג וויסנשאפטלעכע, פיזיש־מאטעמאטישע פארמולן זע־נען די עקאנאמישע ווערק פון מארקסן, הויפטזאכלעך דער „קא־פיטאל", נישט געווען לחלוטין צוגענגלעך פאר די יעניקע, וועל־כע האבן נישט געהאט די נויטיקע בילדונגס־קענטענישן. אין זיין „עקאנאמישער לערע פון קארל מארקס" (איבערזעצט גע־ווארן אויף יידיש אין פארלאג „די וועלט"), האט קאוטסקי אי־בערגעטראגן די עיקרים פון קארל מארקס לערע אין א גלענצנ־דער פאפולערער, פאר אלעמען צוגענגלעכער פארם, נישט פאר־פלאכנדיק דערביי זייער טיפקייט. קאוטסקי האט אויך אנגע־שריבן א גלענצנדן פירוש צום ערפורטער פראגראם, ווו די גאנצע סאציאל־עקאנאמישע קאנצעפציע פון מארקסיזם איז דייט־לעך און אלזייטיק באלויכטן. דאס זעלבע האט ער אויך געטון אין אנדערע קלענערע ווערק.

קאוטסקי האט אבער נישט נאר פאפולאריזירט דעם מארקסיזם. ער האט אים אויך ווייטער אנטוויקלט. ער האט אנגעווענדעט די מארקסיסטישע מעטאדן אויף נייע, נאך נישט אויסגעפארשטע פראגן. אלטער קריסטנטום, רעפארמאציע, די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע, אגראר־פראגע און אנדערע. דאס אלץ איז דורך אים באהאנדלט געווארן מיט א גרינדלעכער קענטעניש, אויסגעפארשט געווארן מיט דער עכט מארקסיסטי־שער דיאלעקטיק. און דעם קלאסן־מאמענט, די פארבאהאלטענע פרוזשינע פון סאציאלער אנטוויקלונג, אויפגעזוכט און באלויכטן.

די גרויסע אומפאַרגעסלעכע פאַרדינסטן אָבער, וואָס קאַוטסקי האָט פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל איז דאָס, וואָס ער האָט די טאָג־טעגלעכע באַוועגונג, אַלע צייט־פּראָבלעמען און אויפגעשוומענע אויפגאַבן מיט דער מאַרקסיסטישער טעאָריע פאַרבונדן, צו זיי די מאַרקסיסטישע מעטאָדן אָנגעווענדעט און אויף דעם דאָזיקן סמך די טאַקטישע ליניעס פונם פּראָלעטאַרישן קאַמף געצייכנט.

די „טעאָריע" איז ביי קאַוטסקין נישט פאַרגליווערט און פאַרקאָנסערווירט געבליבן ליגן. ער האָט זי נישט פאַרשלאָסן אין גראָבע ביכער, ווייט פונם ברייטן עולם און זיין טעגלעכן געברויך. פאַרקערט, ער האָט פון דער טעאָריע אַ רירעוודיק, לעבעדיק ווערק געמאַכט, אָנווענדבאַר און נויטיק פאַר יעדער „קליינלעכער" באַדערפעניש פונם פּראָלעטאַרישן קאַמף, פאַר זיין יעדן קער און ווענדונג.

אַ מערקווירדיקע דערשיינונג: אַלע מאָל ווען דער שמאָלער איינזייטיקער פּראַקטיציזם פאַרנעמט, צוליב דער געשאַפענער סאָציאַל־עקאָנאָמישער קאָניונקטור, דעם אויבן־אָן ביים ברייטן עולם, אַלע מאָל ווען די, וועלכע זעען נישט ווייטער פון זייער נאָז און אורטיילן נאָר לויט זייער אייגענער לעצטער דערפאַרונג, צעלייגן זיך ברייט אין דער אַרבעטער באַוועגונג און ווערן דאָרט די טאָן־געבער און וואָרט־פירער — אַלע מאָל ווערט דורך זיי די „טעאָריע" פאַרשריגן, פאַרשאָלטן און פאַרטריבן. די „טעאָריע" וויל נישט כלומרשט וויסן פון לעבן, פון דער „ווירקלעכקייט", פון דער „פּראַקטיק" פון די שטימונגען און באַדערפענישן פון די מאַסן.

אַזוי איז עס געווען אין דייטשלאַנד, אין דער צייט, ווען דער „רעפאָרמיזם" האָט פאַרנומען די מזרח־וואַנט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. עס האָט זיך דאַמאָלט געשאַפן אַ גינסטיקע עקאָנאָמישע קאָניונקטור. די אַרבעטער־באַוועגונג האָט דערגרייכט זייער פיל הנחות אויפן פרידלעכן,

פּאַרלאַמענטאַרישן אופן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געוואָרן א גרויסער מאַכט־פאַקטאָר אין לאַנד. די איבעריקע פּאַרטייען האָבן אָנגעהויבן מיט איר צו פערטראַקטירן, ווי מיט א גרויסן שטאַרקן צד. און באַלד האָט זיך אויף דעם סמך פון „דערפאַרונג" פאַרפעסטיקט די רעפאָרמיסטישע ריכטונג. מיר האָבן שוין, האָט מען געטענהט פון אַלע זייטן, איבערגעלעבט דעם פעריאָד פון רעוואָלוציעס. דער סאָציאַליזם וועט זיך אַריינוואַקסן אין דער היינטיקער געזעלשאַפט. דער פּראַקטישער וועג פון רעפאָרמען איז דער איינציקער ריכטיקער וועג, מיט וועלכן די אַרבעטער־באַוועגונג דאַרף גיין.

קאַרל קאַוטסקי איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז אַרויסגעטרעטן מיט זיין שאַרפער פעדער קעגן די דאָזיקע „פּראַקטיקער". ער האָט דערוויזן דעם ענגן אומענדלעכן פאַרבאַנד, וואָס פאַרקניפּט די „באַוועגונג" מיטן ציל, פעסטגעשטעלט די אומפאַרמיידלעכקייט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ווי אַזוי וועט די סאָציאַלע רעוואָלוציע פאָרקומען, וואָס וועט געשען א טאָג נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, — דעם דאָזיקן פּראָבלעם האָט קאַוטסקי שוין גרינדלעך באַאַרבעט אין יאָר 1902 אין זיינע בראָשורן מיט די זעלבע טיטלען.

קאַוטסקי איז דאַמאָלט פון די רעפאָרמיסטן אַלס „דאָגמאַטיקער" פאַרשריגן געוואָרן. אַלע פּראַקטישע טוער האָבן אים באַצייכנט אַלס „רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיקער" און דער גאַנצער לינקער מאַרקסיסטישער פליגל האָט אין אים געזען זיין גלענצנדן פאַרשטייער און פאַרטרעטער.

צייטן ענדערן זיך. די ליקווידאַציע פון דער מלחמה האָט געשאַפן אַן אַנדער סאָציאַלע קאָניונקטור. די בלוטיקע מלחמה און די צערודערטע ווירטשאַפט האָט די ברייטסטע מאַסן טיף רעוואָלוציאָניזירט און — עס שאַפט זיך א נייע „דערפאַרונג", אַן איבערגעדרייטער פּראַקטיציזם אויף דער לינקער זייט. די „אומגעדולדיקע" ווילן שוין מאַכן דעם לעצטן שפּרונג, זיי פאַר-

ווארפן די אלטע, אויסגעפרוווטע מארקסיסטישע קאמפס־מעטאדן, ווארפן זיך בלינדערהייט אן א פלאן, אן א קלארן פראגראם אין דעם ווירבל פון די געשעענישן, די „רעוואלוציאנערע דירעקטע טאט" ווערט דערקלערט פאר דעם לעצטוואָרט פון דער סאציאליסטישער טאקטיק.

און ווידער שטייט קאוטסקי, דער 65־יאריקער זקן, פול מיט יוגנטלעכער קראפט און רעוואלוציאנערן ברען אויף זיין פאסטן, טראגט צו דעם מארקסיסטישן לאמטערן צו דעם פינסטערן כאאס פון אונזער צייט און ווארנט פאר פאלשע טריט, פאר בלאנקיסטישע מעטאדן. דאס מאל זענען דאס די „לינקע", די „קאמוניסטן", וועמען די „טעאריע" גיסט אפ מיט קאלט וואסער, וועלכע זעען אין איר „דאגמאטיזם" און פארגליווערטקייט און וועלכע קערן זיך אפ פון קאוטסקיס אויספירונגען.

נאך מער, דער גרויסער שטורעם האט געמאכט אן איבערקערעניש אין אלע געביטן, האט צעשמעטערט אלע אויטאריטעטן און האט אויך נישט געשוינט דעם אלטן, איבערגעגעבנסטן קעמפער פאר דער פראלעטארישער זאך. איר וועט איצט באגעגענען יינגלעך־קאמוניסטן, וועלכע האבן נאר עטלעכע קאמוניסטישע אויפרופן אין זייער לעבן איבערגעלעזן, און זיי דערלויבן זיך צו רעדן וועגן דעם גרויסן פראלעטארישן לערער, ווי פון א „סאציאל־פאררעטער".

די יעניקע „לינקע", וואס מיינען, אז דער איצטיקער קאוטסקי האט זיך געענדערט, האט פארלוירן זיין רעוואלוציאניזם, מעגן זיך מטריח זיין איבערלעזן זיין בראשור „סאציאלע רעפארמען און סאציאלע רעוואלוציע" און זיי וועלן זיך איבערציינגן אז די זעלבע געדאנקען, וועלכע קאוטסקי פארטיידיקט איצט מיט אזא ענערגיע און מוט, זענען דורך אים שוין ארויסגעזאגט געווארן נאך מיט א יאר אכצן צוריק. מער נישט, די כאאטישע צייט האט אין זייערע אייגענע מוחות א כאאס אריינגעטראגן,

זיי האָבן זיך „אויסגעלינקט“ און זיי באַשולדיקן איצט דעם קלאָרן קאָפּ און טרייען מאַרקס־שילער צוליב דעם, וואָס ער וויל מיט זיי דעם שפּרונג פון מאַרקסיזם צו פּרימיטיוון קאָמו־ניזם נישט מיטמאַכן.

געטריי און אומפאַרענדערט טראָגט קאַוטסקי אין גרויסן און גאַנצן דאָס מאַרקסיסטישע ליכט אין אונזער לעבנס־חושך, ער פאַרהיט עס פון יעדן בלאָזנדיקן ווינט — פון רעכטס צו פון לינקס. ער האַלט אונטער דעם נר־תמיד פון סאָציאַליסטישן קאָלעקטיוון מח און פאַרשפּאַרט דאַדורך דעם פּראָלעטאַריאַט פאַלשע אומוועגן, שעדלעכע וואַנדלונגען און פאַרפירערישע אויספירן.

ווי די גאַנצע 36 יאָר פריער, בלייבט אויך פאַר אונז איצט קאַוטסקי — ביי אַלע איינצלנע מיינונגס־פאַרשידנהייטן, דער גרויסער לערער, פירער און מיטקעמפער. דווקא איצט, ווען דער סאָציאַלער פּלאָנטער איז אַזוי גרויס, ווען די פראַגן זענען אַזוי קאָמפּליצירט און די אויפגאַבן אַזוי ריזיק הויך, זענען אונז נויטיק אַזעלכע לייט, ווי ק. קאַוטסקי, וועלכע וויקלען אויף דאָס פאַרדרייטע, דרינגען אַריין אין דאָס ווייטע און שאַפן אימפּעראַטיוון פאַרן נאָענטן, פאַר דעם אַלטעגלעכן. אונז בלייבט נאָר צו ווינטשן, אַז דער גרייז־גרויער פירער אונזערער זאָל נאָך יאָרן־לאַנג נישט פאַרלירן זיין שאַפונגס־קראַפט, זאָל פריש און מונטער שטייען אויף זיין גרויסן פּאָסטן, צום נוצן פון פּראָלעטאַריאַט, צום זיג פון סאָציאַליזם.

„לעבנס־פראַגן“, דעם 24־טן אָקטאָבער 1919. נ' 230.

# די טראַגעדיע פון אַ דענקער

**(צום טויט פון ג. פלעכאַנאָוו)**

### .1

וואָס זאָגט דעם יינגן, נישט לאַנג אויפגעקומענעם דור חברים דער נאָמען פלעכאַנאָוו? ווייניק, פאַרהעלטנישמעסיק זייער ווייניק. אַ באַגאַבטער גלענצנדער פובליציסט, אַן אַלטער אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער, אַ לידער פון אַ קלײנער אומבאַדײטנדער פראַקציע, וועלכע פאַרנעמט אַן אײנגנאַרטיקע, אָפּגעזונדערטע פון די איבעריקע פראַקציעס אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, נישט אָנערקענטע שטעלונג צו פאַרשידענע טאַקטישע פראַגן. דאָס איז אַלץ.

בײ אונז סאָציאַליסטן פון עלטערן דור אָבער, וועקט דער נאָמען גאָר אַנדערע אָפּקלאַנגען, רופט אַרויס לגמרי גאַנץ אַנדערע השגות איבערן פאַרשטאָרבענעם, דערמאָנט אונז מיט אַ נאָגנדער בענקשאַפט יענע, שוין האַלב־פאַרגעסענע צייטן, ווען פלעכאַנאָוו איז געווען דער גרויסער לערער, דער וועגווייזער פון גאַנצן דור, דער דרייסטער צעשטערער פון אַלטע טראַדיציעס מיט זייערע פאַרהייליקטע ווערטן, דער זיכערער פירער פון נײע, אומבאַקאַנטע וועלטן.

מען מוז זיך אויף אַ ווײלע אויסטאָן פון דער איצטיקער צייט און אירע אומשטענדן און איבערטראָגן זיך אין געדאַנק צו רוסלאַנד פון די 80־ער און 90-ער יאָרן, כדי צו באַקומען

דעם ריכטיקן באַגריף און קאָנען ווי געהעריק אָפּשאַצן די גרויסע באַדייטונג פון ג. פּלעכאַנאָוו פאַר דעם נייעם געראנג פון דער מאַרקסיסטישער לערע אין רוסלאַנד.

ניי, אייגנטלעך, איז די דאָזיקע טעאָריע בכלל נישט געווען. אין מערב־אייראָפּע האָט זי שוין געהאַט הינטער זיך א היבשע פּראַקטיק פון צענדליקער יאָרן. גרויסע, מעכטיקע באַוועגונגען האָבן זיך שוין אויף איר געשטיצט און מיט איר עמוד־אש באַלויכטן געוואָרן. נישט אינגאַנצן ניי איז זי אויך געווען פאַר רוסלאַנד. פּ. לאַווראָוו האָט שוין אין אָנפאַנג פון די 70־ער יאָרן אַנטוויקלט די גרונד־יסודות פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם אין זיין זשורנאַל „וופּעריאָד". צווישן די נאַראָדניקעס האָבן זיך געפונען גענוג מאַרקסיסטן פון אייראָפּעישן שטייגער. הערמאַן לאָפּאַטין, אַן אָנגעזעענער טעראָריסט, האָט אפילו איבערגעזעצט מאַרקס „קאַפּיטאַל" אויף רוסיש. ניי און רעוואָלוציאָנער זענען אָבער געווען די אויספירונגען, וועלכע פּלעכאַנאָוו האָט געמאַכט פונם מאַרקסיזם פאַר רוסלאַנדס אַנטוויקלונג, — די פּראַקטישע אָנווענדונגען פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם צו דער רוסישער ווירקלעכקייט.

אַז די זינדיקע אייראָפּע איז געשטרויכלט געוואָרן און איז אַריינגעפאַלן אין נעץ פון קאַפּיטאַליזם, — דאָס האָט געוווסט יעדער „נאַראָדניק". מער נישט, מען האָט דאַמאָלט געגלויבט, אַז דאָס הייליקע רוסלאַנד וועט זיין אימשטאַנד אויסצומיידן אייראָפּעס חטאים, אַז מען וועט קאָנען מיט איין מאָל אַריבערשפּרינגען פון דער פריצישער בעלעבאַטישקייט גלייך אין סאָציאַליזם אַריין. אויסמיידנדיק דערמיט די פאַרדאָרבענע פאָרמען פון אייראָפּעישן לעבן.

רוסלאַנד (אין דעם איז מען געווען זיכער) איז דערצו אַמבעסטן מסוגל. ביי דעם רוב פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג איז נאָך פאַרבליבן אומבאַרירט די אַלטע דאָרף־געמיינדע מיט איר בשותפות־פירנדער „קאָמוניסטישער" ווירטשאַפט, יע

דער פויער איז געווען בחזקת א סאָציאַליסט, ס'איז נאָר נויטיק צו שאַפן דאָס אַנטשפּרעכנדע פּאָליטישע סיסטעם. און דער סאָציאַליסטישער גן־עדן־התחתון איז שוין פאַרטיק...

מען האָט ווירקלעך געמוזט פאַרמאָגן אַ קלאָרן קאָפּ פון אַ דענקער, אַ דרייסטן גייסט פון אַ רעפאָרמאַטאָר און פעסטן טריט פון אַן אויסטרעטער פון נייע וועגן, כדי צו קענען אין יענער אָפּגעשטאַנענער פויערישער רוסלאַנד מיט איר אידעאַליזירן דעם „פּראַצע-מענטש", מיט איר איבערשאַצן די באַדייטונג פון דער „דענקענדער פּערזאָן", וואָס קען וואונדער באַווייזן, מיט איר לערע פון „העלדן און המון", מיט איר גאַנצער נעפּלהאַפטער מעטאַפיזישער באַנעמונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן — אַנצוווענדן אין דער פּראַקטיק, דורכצופירן די וויסנשאַפטלעכע רעאַליסטישע מעטאָדן פון דער מאַרקסיסטישער לערע, וועגן אָביעקטיווער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, וועגן דער נויטווענדיקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפט און דעם אויפקומען פון דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט מיט זיין רעוואָלוציאָנערער שלימות אויך פאַר רוסלאַנד.

דאָס האָט דער ערשטער געטון ג. פּלעכאַנאָוו.

„די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד וועט זיגן, ווי אַן אַרבעטער־באַוועגונג, אָדער וועט אינגאַנצן נישט מנצח זיין". איצט ענען שוין די דאָזיקע ווערטער אַ שטיק לעבן, אַ באַנאַלער אמת. צו יענער צייט אָבער האָט עס געקלונגען, ווי אַן אויסגעטראַכטע, איבערגעשפּיצטע בויך־סברא פאַר די „אַלטע", ווי אַ גרויסע פּאָליטישע דערפינדונג, ווי אַ שיינע פאַרשפּרעכערישע נבואה — פאַר אונז, „יינגע".

די טראַדיציע וועגן דער אומבאַזיגבאַרער העלדישקייט פון דעם אינטעליגענטישן טעראָריסטישן אויפטו און „סאָציאַליסטישע" אינסטינקטן פון דער פויערישער מאַסע, איז נאָך געווען שטאַרק איינגעוואָרצלט ביי דעם אַלטן דור פון דער רוסישער

אינטעליגענץ. די גאַנצע ליטעראַטור, ווי די בעלעטריסטישע אַזוי אויך די געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע, איז געווען דורכגע־זאַפּט מיט די דאָזיקע טענדענצן. די אויבן ציטירטע ווערטער זענען דעריבער פּיל רוסישע אינטעליגענטן פאָרגעקומען ווי אַ פּאַראַדאָקס, און ווי אַ שעדלעכער פּאַראַדאָקס דערצו. אַזאַ לערע, האָבן זיי געטענהט, שוואַכט נאָר אָפּ די רעוואָלוציאָנערע ענער־גיע ביים עולם, ווענדעט זיינע בליקן אויף אַ קלאַס, וועלכער שפּילט אין רוסלאַנד אַן אומבאַדייטנדע ראָלע. „דאָס איז אַ ליבע צום ווייטן", האָט מיכאַלאָווסקי, דער פירער און גלענצנ־דער פאָרשטייער פון רעוואָלוציאָנערער טראַדיציע, פאָרגעוואָרפן דעם יונגן מאַרקסיזם. ביי דער דעמאָלטיקער רוסישער פּראָגרע־סיווער אינטעליגענץ איז נאָך געווען אַ שאלה, צי קאָן מען גאָר רעכענען די דאָזיקע נייע באַוועגונג פאַר „פּראָגרעסיוו", צי האַלט זי נישט אונטער מיט איר לערע די „בורזשואַזע עקספּלואַטאַ־ציע", קוים זאָגט זי, אַז רוסלאַנד מוז אַרויפגיין אויף די בלו־טיקע שטעגן פון פאַרדאָרבענעם קאַפּיטאַליזם.

איך דערמאָן זיך אַ געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס, וועלכער איז פאָרגעקומען אין פּעטערבורג קעגן אַ פּאָרלעגער דערפאַר, וואָס ער האָט געבראָכן דעם אָפּמאַך נישט איבערצוגעבן זיין זשור־נאַל „דאָס נייע וואָרט" אין אַנטי־פּראָגרעסיווע הענט, און לסוף האָט ער אים פאַרקויפט די מאַרקסיסטן! די „תלמידים" אָבער, ווי די לעצטע האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן, זענען ווייניק נתפּעל געוואָרן פון דער מיינונג פון די אַלטע. יונג און לוסטיק זענען זיי צוגעטרעטן צו דער אַרבעט, זייער שטימע האָט זיך גון אונטער דער ערד דורכגעריסן אויך אין רוסישן אָפּענע־נעם און זיך שוין געהערט הויך און מוטיק אין די גראָבע ערנסטע צייטשריפטן, און העכער ווי אַלע און מיט מער הצלחה און טאַלענט ווי אַלע, האָט זיך געהערט די שטים פון פּלעכאַ־נאָוו-בעלטאָוו. ער האָט מיט דער דרייסטקייט פון אַ נאָוואַטאָר אומגעוואָרפן דעם גאַנצן אַלטן בנין פון דער אינטעליגענטישער

„סוביעקטיווער” וועלט־אנשויאונג. ער האָט בייז און שטעכיק אויסגעלאַכט די אַלטע „געטער” און אַלץ גרעסער איז געוואָרן די מחנה, וועלכע האָט אויפגענומען מיט שמחה און התלהבות די נייע לערע, וועלכע פּלעכאַנאָוו האָט געפּרעדיקט.

פאַר אונז יידישע יינטעליגענט פון תחום, איז די לערע ממש געווען אַן אַנטפּלעקונג, אַ נייע געפונענע פעסטע יבשה, אויף דעם ברויזנדן ים פון רוסישן לעבן. מיר האָבן זיך פּלוצלונג דערוווּסט, צוגלייך מיט דעם פערסאָנאַזש פון מאָליערס אַ קאָמעדיע, אַז „מיר רעדן פּראָזע”. יאָרן־לאַנג זענען מיר געשטאַנען אין אַ טייך מיט פרישׂ־קוועלנדן וואַסער און זענען אַרומגעלאָפן זוכן אַ טרונק אין אַנדערע סאַזשעוקעס. ס'איז לחלוטין גאָרנישט נויטיק די קאָמעדיע פון איבערטאָן זיך אין פּויערשע פעלצלעך און אַוועקגיין מיט גרויס ריזיקע אין דאָרף זוכן דעם „אַרבעטס־מאַן”. ביי אונז, אַרום אונז, אין אַלע יידישע שטעט אויף די פאַבריקלעך, אין די ענגע וואַרשטאַטלעך געפינען זיך גאָר די יעניקע, וועלכע ווערן באַעוולט און באַגזלט, וועלכע זונקען אין חושך און פאַנאַטיזם, אָבער וועלכע קאָנען און מוזן ווערן קעמפער פאַר אונזער אידעאַל, פאַר אַ נייע, ליכטיקע וועלט.

דעמאָלט איז געלייגט געוואָרן דער ערשטער גרונט־שטיין פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

די אויפגאַבע פון דער גרופּע צו „באַפרייען די אַרבעט” און שפּעטער די לעגאַלע מאַרקסיסטישע ביכער זענען קיינמאָל שוין פון אונזער טיש נישט אַראָפּ. מיר האָבן געשלונגען יעדעס נייע וואָרט, יעדן נייעם געדאַנק פון ג. פּלעכאַנאָוו. ער האָט אונז דער ערשטער געלערנט מאַרקסיסטיש דענקען און מאַרקסיסטיש האַנדלען.



## 2.

גרויס איז געווען פּלעכאַנאָוו אויפן געביט פון טעאָריע. גלענצנד — אַלס גרינדער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד. דער ערשטער און דער אויבערהווילטער. מיט זיינע גרויסע קענטעניש, מיט זיין קלאָרן סינטעטישן פאַרשטאַנד, מיט זיין גלענצנדן טעאָרעטישן פאַרנעם און געבענטשטן טאַלענט, האָט ער אָפּגעריייניקט די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער פון די פאַרשידענע ברוכשטיקלעך פון דער אַלטער אָפּגעלעבטער „נאַראָדניטשעסטוואָ", האָט דעם מאַרקסיזם אוועקגעשטעלט אויף אַ פעסטן יסוד און האָט אויך די ייִנגע כוחות געזאַמלט צו דער פּראַקטישער אַרבעט. זיי האָבן זיך גענומען די נייע ווערטער איבערגיסן אין נייע מעשים, אומוואַנדלען די טעאָריע אין פּראַקטיק. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט שוין אויפגעהערט צו זיין מער נישט ווי אַ גרופּע מענטשן, וועלכע באַשעפטיקט זיך נאָר מיט טעאָרעטישע פראַגן איבער די וועגן און שיקזאַל פון רוסלאַנדס אַנטוויקלונג, נאָר איז געוואָרן אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, וועלכע באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער ווירקלעכקייט און ווירקט מיט די דאָזיקע ווירקלעכקייט צו ענדערן לויט אירע אידעאַלן און פּרינציפּן.

שוין ביי די ערשטע טריט פון דער פּראַקטישער אַרבעט איז געקומען דער קאָנפליקט צווישן פּלעכאַנאָוו, דעם לערער, און זיינע תלמידים, וועלכע האָבן זיין לערע אין דער פּראַקטיק דורכגעפירט.

די טעאָריע האָט פאַר דער פּראַקטיק אַ וויכטיקע באַדייטונג. די טעאָריע פאַרברייטערט די האָריזאָנטן פון דער אַרבעט, שאַפט אַ קלאָרקייט אין די צילן און אַ זיכערקייט אין די מעשים. זי באַפליגלט די נאַקעטע און קריכנדע ווירקלעכקייט און בלאָזט אַריין אין דעם לייטמענעם גוף פון היינט אַ גליענדע נשמה, וועלכע איז מסוגל אין די ווייטע צוקונפט־וועלטן זיך

צו לאָזן. אָבער שוין טאַקע, ווייל די טעאָריע נעמט ארום דאָס אַלגעמיינע פון דער ווירקלעכקייט, שוין דערפאַר, וואָס זי בינדט צוזאַמען דאָס צעוואָרפענע אין לעבן, פאַראייניקט די אָפּגעזונ־דערטע זייטן, סיסטעמאַטיזירט די פאַרשידנאַרטיקע מאָמענטן, איז זי נישט די ווירקלעכקייט גופא, איז זי נאָר די באַשרייבונג פון דער ווירקלעכקייט. דאָס פּראַקטישע לעבן איז אַ זאַך פאַר זיך, מען קאָן פון אים נישט אויסקנעטן פּרינציפּן, ווי אַ טעפּער קנעט אויס טעפּ פון שטיקער ליים. ס'איז אַ באַזונדערע קונסט, האַרמאָניש צונויפּפּאַסן די טעאָריע מיט דער פּראַקטיק, מאַכן פון זיי איין גאַנצעס, איין אויסגוס. די פּראַקטיק איז די פּאַר־טיקע ראָם, אין וועלכע די פּרינציפּן מוזן איינגעפּאַסט ווערן, און ביי דער דאָזיקער אַרבעט מוזן די לעצטע שטענדיק געפיילט און געהובלט ווערן, מען מוז זייערע שאַרפע שפּיצן אַרומהאַקן, אויסגלייכן, אום זיי זאָלן אין דער פּראַקטישער ראָם פּעסט זיצן.

שוין דאָס אַליין, וואָס פּלעכאַנאָוו איז צענטליקער יאָרן געווען אָפּגעריסן פון דער רוסישער ווירקלעכקייט, האָט געלעבט אין אַ גאַנץ אַנדער אַטמאָספער, האָט דאָס לעבן שטודירט און נאָכגעפאָרשט נאָר פון די צייטונגען און פון די אויסלענדישע עמיגראַנטישע „קאָלאָניעס", וועלכע האָבן נישט געקאָנט געבן קיין ריכטיקע אָפּשפּיגלונג פון אמתן רוסישן לעבן. שוין פּלעכאַ־נאָווס ווייטקייט פון דער רוסישער פּראַקטיק, מיינען מיר, האָט אים געמאַכט פאַר אוממעגלעך צו אָריענטירן זיך אין אַלע פּרטים פון רוסישן פּלאָנטער. ער האָט נישט געקאָנט זען אַלע קלייני־קייטן, וועלכע זען זיך נישט פון ווייטן. ער איז נישט גע־ווען אימשטאַנד מיט פּראַקטישע עצות, דורך זיינע אָנווייזונגען און דירעקטיוון אָנצופירן מיט דער פּראַקטישער אַרבעט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אין לעבן געשעט גאַנץ אָפט, אַז גרויסע טעאָרעטיקער, לאָ־מיר זאָגן אויפן געביט פון מוזיק, למשל, זאָלן קאָנען גרינטלעך

עפֿאָרשן די געזעצן פֿון קלאַנג און האַרמאָניע, דערקלייבן זיך צו דער קלענסטער מאָס און איינציקער גאַמע פֿון די שענסטע סימפֿאָניעס, אין דער פּראַקטיק אָבער קאָנען זיי נישט נעמען קיין פֿידל אין האַנט, אָדער קאָנען נישט אויסזינגען דעם לייכטסטען ניגון. זיי באַנוגענען זיך מיט דעם, וואָס זייערע תלמידים שפּילן און זינגען אויס די שענסטע מעלאָדיען לויט זייערע כּללים. פּלעכאַנאָוו אָבער האָט זיך מיט דער ראָלע פֿון אַטעאָרעטיקער באַנוגענען נישט געוואָלט. נישט זיין טעמפּעראַמענט, נישט זיין גאַנצע שאַרף אויסגעשפּראָכענע פּערזענלעכקייט האָט זיך געקענט באַשרענקען, זעלבסטבאַגרענעצן מיט דער טעאָרעטישער אַרבעט. ער האָט געוואָלט זיין מיינונג, זיינע בליקן, זיין אויטאָריטעט אַרויסווייזן אויך אין דער פּראַקטיק פֿון דער סאָצ. דעמ. און דאָ האָט געמוזט קומען די טראַגעדיע. חוץ דעם איז זיין פּערזענלעכקייט נישט געווען מסוגל צו שטעלן זיך אין דער שפּיץ פֿון אַ גרויסער מאַסן־פּאַרטיי, וועלכע נעמט אַריין אין זיך פֿאַרשידענע שאַטירונגען און ריכטונגען. אַ ליידער פֿון אַזאַ פּאַרטיי מוז זיין די מאַגנעט־שטאָל, וועלכער פּאַרייניקט און בינדט צוזאַמען די עקסטרעמען, וועלכע ציען זיך אין צוויי קעגנזעצלעכע זייטן. ער מוז אין די פֿאַרשידענע שאַטירונגען שטענדיק קאָנען אויסגעפֿינען דאָס אינטעגראַלע, דעם צד־השווה, דאָס וואָס פֿאַרייניקט און בינדט צוזאַמען. פּלעכאַנאָוו פֿלעגט אָבער אַליין נאָך מער פֿאַרשאַרפֿן די פּראַקטישע חילוקי־דעות, ער פֿלעגט זיך אַליין אַריינציען אין די קליינע פֿראַקציאָנעלע רייסענישן. פּלעכאַנאָוו האָט פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אין דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַן אייגענע פֿראַקציע און האָט מיט דעם גופֿא זיין באַדייטונג פֿאַר דער גאַנצער פּאַרטיי אָפּגעשוואַכט, האָט די עקסטרעמען נאָך מער איינע פֿון די אַנדערע דערווייטערט.

נאָך טראַגישער איז דער דאָזיקער פֿאַקט געווען מיט דעם, וואָס אין אַלגעמיין גענומען, דאָס הייסט אין דער טעאָרעטי-

שער באהאנדלונג זיינער, איז פלעכאנאוו שטענדיק גערעכט געווען. ער האט זיך אויסגעצייכנט מיט א זעלטענעם פאליטישן חוש, פלעגט יעדע פאליטישע דערשיינונג פון אלע אירע זייטן באטראכטן, אנצייכענען ריכטיק איר טענדענץ און באגרייפן איר אמתן מהות. די פראקטישע אויספירונגען אבער, זיין פערזענלעכע שטעלונג צו דער דערשיינונג און זיין קאנקרעטע האנדלונג, פלעגן אבער גרעסטנטיילס טראגן אויף זיך בולט דעם שטעמפל פון זיין העל־אויסגעשפראכענער עקסטרעמער אינדיווידואליטעט. און דאס האט געמאכט זיינע פאליטישע דירעקטיוון פאר אומברויכבאר אין דער אלגעמיין פארטייאישער טעטיקייט.

דאס באשרענקטע ארט דערלויבט מיר נישט צו אילוסטרירן דעם דאזיקן געדאנק מיט פאקטן. עס איז גענוג דורכצובלעטערן אין זכרון פלעכאנאווס האנדלונג בעת די מחלוקת אין דער רוסלענדער סאציאל־דעמאקראטיע וועגן די פראגן פון „עקאנאמיזם", „פאליטישן ראדיקאליזם", אין דער פראגע וועגן קאארדינאציע מיט די בורזשואזע גרופן, זיין שטעלונג צו די ארגאניזאציאנעלע חלוקי־דעות אין דער פארטיי און ענדלעך צו דער וועלטמלחמה און דער גרויסער רוסלענדער איבערקערעניש, אום מודה צו זיין, אז אין דער טעארעטישער אביעקטיוויטעט, מיט וועלכע פלעכאנאוו האט די אלע פראגן באהאנדלט, איז געלעגן אזוי פיל „סוביעקטיוועס", „עקסטרעמעס", צוגעשפיצטעס, דאס יעדע פראקציע באזונדער האט צו דער אדער יענער צייט געקאנט זיך באנוצן מיט דער גלענצנדער פארם פון די דאזיקע מיינונגען, מיט זיין שארפער, בייסנדער פאלעמיק פאר אירע אייגענע פראקציאנעלע צוועקן. אבער די דאזיקע מיינונגען זענען קיינמאל נישט געווארן איבערגעקאכט און איבערגעארבעט אין פלייש און בלוט פון דער פארטיי, אלס אלגעמיינע, אלס גאנצע.

פלעכאנאוו האט פערזענלעך שטארק געליטן פון דער דא־

זיקער טראַגעדיע. זי איז אויך געווען פײַנלעך פאַר אַלע זײַנע פרײַנט און פאַרערער. זיי האָבן געוווּסט אָפּצושאַצן דעם גרויסן גײַסטיקן פאַרמעגן פון ג. פלעכאַנאָוו און האָבן ממש פּיזיש שמערץ געליטן פון דעם, וואָס ער פאַרוואַנדעט זײַן גרויסן באַגאַזש אויף קליינלעכע רייסעניש.

פלעכאַנאָוו איז זיך ענדלעך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט זײַנע אַלע פריערדיקע נאָענטע חברים און פרײַנט פון דער גרופּע „צו באַפרייען די אַרבעט". אפילו אַזאַ אינטימער פרײַנט זײַנער פון צענטליקער יאָרן, אַן אמתער ידיד נפש, ווי פּ. אַקסעלראָד, האָט איבערגעריסן מיט אים די באַציִונגען צוליב דער ממש אומפאַרשטענדלעכער פּאָזיציע, וועלכע ער האָט פאַרנומען אין די לעצטע יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע אין דער אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגע.

בעת אַלע ריכטונגען און גרופּירונגען אין דער רוסלענדער סאָצ. דעמ. אויסער די באָלשעוויקעס, האָבן אײַנגעשטימט זיך צו פאַרייניקן אין איין אַלגעמיינעם פּאָליטישן צענטער (אָרג. קאָמ.) האָט זיך פלעכאַנאָוו אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן אין אים, אַרויסגייענדיק פון אַ ריין פּערזענלעכן שטאַנדפּונקט וועגן יחידים, וועלכע שטערן דער פּאַרטיי־אַנטוויקלונג. פלעכאַנאָוו איז געבליבן כמעט אַליין, אײנזאַם, אויב מען זאָל נישט רעכענען די עטלעכע עמיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך אַרום אים גרופּירט און וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום ווירקונג אין רוסלאַנד.

אויך צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, צום „בונד", האָט פלעכאַנאָוו פון דער ערשטער צייט אָן פאַרנומען אַ פײַנטלעכע שטעלונג, האָט אים פאַרשריגן אַלס נאַציאָנאַליסטישע המצאה, אַלס אַ שעדלעכן אויפטו פאַר דער אַנטוויקלונג פון פּראָלעטאַריאַט... אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט שוין פלעכאַנאָוו וועגן דעם גאָרנישט געשריבן, האָט די דאָזיקע פראַגע אין גאַנצן נישט באַהאַנדלט. מיר דערמאָנען זיך איצט אַ פּריוואַט־געשפּרעך אויף

דער דאזיקער טעמע, וועלכער איז פארגעקומען אין יאר 1907, בעתן לאנדאנער צוזאמענפאר פון דער פארטיי. י. צעדערבוים (מארטאוו) האט פלעכאנאוון אויפמערקזאם געמאכט אויף דעם, וואס נאר דער „בונד" אליין איז געקומען אויפן צוזאמענפאר אזוי איינהייטלעך אין זיין טאקטיק, אזוי פעסט מיט זיין דיסציפלין. אין פלעכאנאווס קלוגע אויגן האט זיך באוויזן א פייערל און ער האט געזאגט מיט א שמייכל: „א חיה, וועלכע פארקלייבט זיך פון דער וועלט אין א נארע און בלייבט דארט שלאפן, פארשווענדעט גארנישט פון ארגאניזם. פארקערט, זי קלייבט נאך אן אויף זיך גענוג שמאלץ און שפילט זיך נאכדעם מיט דער אנגעקליבענער ענערגיע. דער „בונד" שפילט זיך איצט מיט זיינע מותרות, וועלכע ער האט אנגעקליבן פאר דער צייט"

דער משל, פארשטייט זיך, איז נישט געווען אינגאנצן צוגעפאסט צום נמשל. דער „בונד" איז נישט אוועק פון רוסישן לעבן, האט זיך אקטיוו באטייליקט אין אלע זיינע פילארטיסקע געשעענישן. ער איז מער נישט אוועק פון די פראקציאנעלע רויסענישן. האט געשטעלט די באוועגונג העכער פון קליינלעכע פרינציפן־רייסעריי און דאס אליין האט אים אפגעהיטן פון צעפאלן און צעברעקלען זיך.

## 3.

די לאַנגע יאָרן גלות, וועלכע פלעכאַנאָוו האָט אָפּגעריכט ווייט פון רוסלאַנד האָבן אים אָפּגעריסן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער סביבה און איר ספּעציפישער פּסיכיק. פלעכאַנאָוו איז געווען אַן אייראָפּעער אין פולסטן זין פון וואָרט. דאָס האָט צוגעלייגט נישט איין שטיין צו יענער וואַנט, וואָס האָט זיך אויפגעשטעלט צווישן פלעכאַנאָוון און די פּראַקטישע טוער, איך דערמאָן זיך, ס'אַרא גרויליץ ס'האָט געטון די דעלעגאַטן אויף דעם לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר, ווו עס האָבן זיך געפונען פיל אַנטלאָפענע פון קאַטאָרגע, אַפילו פון תליה, פלעכאַנאָווס אַ דערקלערונג פון דער טריבונע, אַז ער איז געקומען אויפן צוזאַמענפאָר אַ קראַנקער, קעגן דער פאַראָרדענונג פון דאָקטוירים. אויף דער מסירת־נפשדיקער פּסיכיק פון רוסישן רעוואָלוציאָנער האָט עס געמאַכט אַן אומאָנגענעמען איינדרוק.

פלעכאַנאָוו איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער רעדנער, אויך אין זיינע רעדעס פלעגט ער אימפּראָוויזירן אַזעלכע העל־פאַרביקע בילדער, ווי אין זיינע אַרטיקלען. דעם רוסישן אויער אָבער האָבן פרעמד געקלונגען די רעטאָרישע מעטאָדן פון זיין רעדן, דער עכט־פראַנצויזישער געזאַנג און ניגון. אָבער אין זיין גאַנצן האַלטן זיך, אין זיין באַנעם און מאַניערן, איז געלעגן אַזוי פיל שטאָלצער באַוווסטזיין פון „אני שלמה", אַזוי פיל אינטעליגענץ און גייסטיקע פעיקייט, אַז דאָס האָט געמוזט ווירקן. ב'האָט אימפּאָנירט און געצוווּנגען צוצוהערן זיך.

טאַקע אויף דער זעלבער פאַרזאַמלונג, וועגן וועלכער איך האָב אויבן דערציילט, האָט פלעכאַנאָוו זיך אויסגעדריקט זייער שאַרף וועגן די „באָלשעוויקעס". יענע, זייענדיק דאָרט אין אַ באַדייטנדער צאָל, האָבן אויפגעהויבן אַ שרעקלעכן טומל און פּראָטעסט־געפילדער פון הונדערט ייִנגע און געזונטע העלזער. מיט פאַרלייגטע הענט אויפן ברוסט איז פלעכאַנאָוו געבליבן

שטיין אויף דער טריבונע און האָט מיט שטאָלץ אַראָפּגעקוקט פון אויבן אַראָפּ אויפן טומלדיקן זאַל, קאַלטבלוטיק און מיט ווירדע האָט ער אָפּגעוואָרט, ביז עס איז רואיקער געוואָרן און האָט ווייטער שטעכיק און בייסנד אונטערגעוואָרפן די באַלשעוויסטישע טאַקטיק אונטער דעם פאַרניכטנדן פייער פון זיין אומבר־חמנותדיקער קריטיק. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ זענען שוין געשטאַנען די אָנהענגער פון יענער טאַקטיק, און דער גאַנצער זאַל האָט געשלונגען זיין יעדעס וואָרט.

מיר איז אויך אויסגעקומען צו באַאָבאַכטן זיין קראַפט, מיט וועלכער ער האָט אימפּאָנירט אַפילו אַזעלכע לייט, וואָס זענען לחלוטין נישט געווען קיין מפונקים און לגמרי אָן „סענטימענטן" — די רוסישע „אַכראַניקעס". דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט האָט געהאַט שוין פון פריער גענויע ידיעות איבער דעם צוזאַמענפאָר און ער האָט דעלעגירט קיין לאָנדאָן, אויסער די געוויינלעכע פּראָפעסיאָנעלע „שפּיקעס", אַ באַזונדערע דעלעגאַציע פון זשאַנדאַרמען־אָפיצירן און „זאַספּאַרשטענדיקע". איין מאָל אין אַן אָוונט זענען מיר, דעלעגאַטן פון צוזאַמענפאָר, געזעסן גרופּנווייז ביי פאַרשידענע טישלעך אין אַ לאָנדאָנער קאַפע און געפירט גאַנץ הויך און אומגעשטערט אַ שמועס. ביי אַ באַזונדער טישל איז געזעסן פּלעכאַנאָוו מיט אייניקע קאַווקאַזער. אין מיטן זאַל זענען ביי אַ טישל געזעסן אַ 5—6 טיפּישע ענגלענדער מיט ציגאַרן צווישן די ציין, מיט זייערע גע־גאָלטע וואָנסן און לאַנגע געזיכטער און האָבן געגרעגערט אויף זייער פאַר אונז נישט פאַרשטענדלעך לשון. אויף אונז האָבן זיי געגלאָצט מיט די אויגן גאַנץ גלייכגילטיק און מיט ביטול. פּלעכאַנאָוו אָבער האָט גלייך דערקענט אין זיי „באַרשטעלטע ענגלענדער". ער איז צוגעגאַנגען צו אונזער טישל און האָט אונז מתרה געווען מיר זאָלן זיין פאָרזיכטיק.

די חברה־לייט האָבן אָפּנים פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען דורכגעפאַלן און האָבן זיך דעריבער באַשלאָסן אויף אַן אָפּענעם

סקאנדאל. דער ציל איז געווען גאנץ דורכזיכטיק: ברענגען צו א געשלעג, רופן פאליציי און דערוויל דערגיין אונזערע נעמען. אנפאנגס האבן זיי מיטאמאל אנגעהויבן רעדן צווישן זיך הויך אויף רוסיש, האבן געזידלט און חוזק געמאכט פון די „רעוואָ־לוציאנערן”, האבן באשיינפערלעך פראוואצירט א „סקאנדאל”. דאס האט זיך זיי נישט איינגעגעבן. קיינער פון אונז האט אויף זייערע רייד נישט רעאגירט. פלוצלונג האבן זיי זיך אויפגע־הויבן פון זייערע ערטער, זענען אוועק צום טיר און האבן זיך א ווײַלע בעראטן. איינער, א גרויסער בעל־גוף מיט א חוצפה־דיקן אויסזען, איז צוגעגאנגען גלייך צו פלעכאנאוו און אים אויפפאדערנד געפרעגט: אויף וועלכן סמך האט פלעכאנאוו אים אנגערופן „שפיאן”? די עקספאנסיווע קאווקאזער האבן זיך א הויב געטון פון זייערע ערטער און זענען שוין געשטאנען גרייט צו א מלחמה. פלעכאנאוו האט זיי מיט א ווונק בארויקט, האט א קוק געטון אויף דעם „ענגלענדער” מיט אזוי פיל פאר־ניכטנדיקער פאראכטונג און האט מיט א קאלטבלוטיקער רואי־קייט געענטפערט: „מיט אייך האב איך נישט גערעדט, גייט אייך ווייטער!” דאס איז געזאגט געווארן אזוי, אז יענער איז געבליבן שטיין פארשעמט. האט פארלוירן דאס לשון, און די גאנצע חבורה האט זיך שטיל ארויסגערוקט פון זאל.

## 4.

צענטליקער יאָרן (פון יאָר 1878) האָט פּלעכאַנאָוו פאַר־בראַכט אין אויסלאַנד און האָט נישט געקאָנט קומען אין זיין היים, מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי שטאַרק אינטערעסירט, וועמענס באַפרייונג ער האָט געווידמעט זיין גאַנץ לעבן. ענד־לעך האָט די שעה געשלאָגן, די לאַנג דערוואַרטעטע רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן, זי האָט אָפּגעהאַלטן אַ פולקאָמען נצחון איבער דעם צאַריזם און נאָך פערציק יאָר נע־ונד־זיין, האָט זיך פּלעכאַנאָוו אומגעקערט פריי און אומגעשטערט אין זיין היים־געליבט לאַנד.

מקוים זענען געוואָרן אַלע זיינע פאָרויסזאָגונגען, זיינע אַב־סטראַקטע געדאַנקען האָבן באַקומען פלייש און בלוט פון פּאָ־ליטישער ווירקלעכקייט. אָבער דאָך נישט טריומפירנד, ווי אַ זיגער, האָט ער זיך אין רוסלאַנד אומגעקערט, נישט קיין רואי־קער, צופרידענער עלטער האָט אים דאָרט דערוואַרט. פיזיש קראַנק און גייסטיק צעבראָכן איז ער געלאָפן קיין רוסלאַנד. דער ברויזנדער שטורעם פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט די רוסישע שיף שוין געשליידערט ווייט אין שטורמישן ים. דאָס האַרץ האָט אים געשראָקן פאַרן גורל פון לאַנד, ער האָט פאָרויסגעזען די פעלזן, אויף וועלכע די שיף וועט זיך אָנ־שטויסן, די סכנות, וועלכע עס שטייען פאַר דעם רעוואָלוציאָ־נערן רוסלאַנד. ער האָט געוואָרנט קעגן די איצטיקע קאַפּיטאַ־נען, וועלכע לאָזן זיך לויפן נאָך די ברויזנדע כוואַליעס אָן אַ פּלאַן און אָן אַ באַשטימטער ריכטונג. געוויס, די מיינונגען, ביי וועלכע פּלעכאַנאָוו האָט זיך געהאַלטן בנוגע דער מלחמה, האָבן נישט געקאָנט אָנגענומען ווערן פון דער סאָצ. דעמ. פאַרטיי אין רוסלאַנד, וועלכע איז געבליבן טריי די אינטער־נאַציאָנאַלע פּרינציפּן. די סאָצ. דעמ. פאַרטיי האָט נישט גע־קאָנט צונויפמישן די צילן פון רוסישן אימפּעריאַליזם מיט

די פראָלעטאַרישע, דעמאָקראַטישע אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט און האָט נישט געהאַט ברעה, אים צו רופן פאַרגיסן זיין בלוט, כדי דורך דעם צו זעטיקן די אימפּעריאַליסטישע אַפּעטיטן פון דער קאָאַליציע. אַפילו די עקסט־רעכטע גרופּע אין דער ס. ד. — די „אַבאָראָנצעס", וועלכע האָבן געשטעלט אין צענטר פון דער פּראָלעטאַרישער אויפגאַבע — די פאַרטיידיקונג פון רוסלאַנד קעגן דעם אויסערלעכן שונא, האָט אויך געפונען פלעכאַנאָווס שטעלונג צו דער מלחמה פאַר צו־עקסטרעם און נישט אָננעמבאַר.

אוודאי איז די טאַקטיק־ליניע, וועלכע ער האָט געפּרע־דיקט בנוגע דער רוסישער רעוואָלוציע, געווען צו פאַרשפּיצט און האָט אָפּגעטויט די אַלגעמיין־פּאַרטייאישע בליקן. די ענגע קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע, וועלכע פלעכאַנאָוו האָט גע־האַלטן פאַר נויטיק, האָט זיך פּשוט נישט געלאָזט אין לעבן דורכפירן. אָבער זיין איבערגעגעבנקייט דער רעוואָלוציע איז ביי אַלעמען געווען אויסער יעדן חשד. זיין גאַנצע האַנדלונג איז דיקטירט געוואָרן נאָר פון די אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט, ווי ער האָט זיי פאַרשטאַנען. זי איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך זיין פלאַמענדן פאַרלאַנג צו ראַטעווען די רעוואָלוציע. דאָס איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען — אויסער די „באָלשעוויקעס". יענע האָבן פלעכאַנאָוון פאַרשריגן אַלס קאָנטררעוואָלוציאָנער, האָבן אים פאַרשאָלטן אַלס „שונא פון דער רעוואָלוציע".

זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אַפילו פון צו מאַכן אַ הויז־זוכונג ביי דעם קראַנקן רעוואָלוציאָנער, זיי האָבן געוואַגט אים ברוטאַל צו באַהאַנדלען, גראָב צו באַליידיקן אויף זיין קראַנקן־בעט. דעם גרינדער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָ-קראַטיע איז באַשערט געווען צו הערן פון אַ רויטן „גוואַרדייעץ" די ווערטער: „איר האָט זיך שוין איצט פאַרקויפט דער בור־זשואַזיע"... אויפגעציטערט איז געוואָרן די סאָציאַליסטישע וועלט, ווען זי האָט זיך דערוווסט פון דעם האָזיקן „באָלשעוויס־טישן", „רדייסטן" אויפטו. אויפגעבראַכט זענען געוואָרן די פירער פון „אינטערנאַציאָנאַל", ווען צו זיי איז דערגאַנגען די

דאָזיקע שענדלעכע מעשה. גלייך האָבן זיי אַלע קעגן דער דאָזיקער באָלשעוויסטישער האַנדלונג פּראָטעסטירט.

יאָ, דאָס איז געווען נישט נאָר די טראַגעדיע פון אַ דענקער, נאָר אויך די טראַגעדיע פונם געדאַנק — פון דער סאָציאַליסטישער געדאַנק. פּאָרן טויט איז פּלעכאַנאָוו אויסגעקומען צו זען, אַז דער באַקוניזם — די טעאָריע פון דער פּאַזיטיווער באַדייטונג פון סטיכישע „בונטן" און פאַרשווערונגען — די שיטה, מיט וועלכער ער האָט יאָרן־לאַנג אַ קאַמף געפירט, האָט ווידער אויפגעלעבט אין געשטאַלט פון „באָלשעוויזם", באַדעקט נאָר מיטן מאַנטל פון מאַרקסיזם. דער פּראָלעטאַרישער באַוווסטזיין האָט אין דער באַוועגונג אָפּגעטרעטן זיין אָרט דעם אימפּולסיוון אימפּעט פון די מאַסן, די אינסטינקטן פון פּויערישן קליינבירגערלעכן קאָמוניזם.

* * *

פּלעכאַנאָוו איז געשטאָרבן. די לעבעדיקע פּערזאָן מיט אירע גרויסע מעלות און מענטשלעכע חסרונות, איז שוין פון אונז אויף אייביק אוועק. אַלץ נענטער ווערן אונז די געדאַנקען, וועלכע זענען נאָך אים פאַרבליבן. אַלץ טייערער דאַרף זיין ביי אונז די לערע, וועלכע ער האָט אונז בירושה געלאָזן. באַזונדערס איצט, ווען עס קומט פאַר אַזאַ טעאָרעטישע צעוואָרפנקייט און אומבאַהאָלפנקייט, ווען דער בונטאַרישער גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פון ווילן האָט ביי פיל ווידער אויפגעלעבט — איז מאָפּלט נויטיק, איבערבלעטערן און דורכשטודירן פּלעכאַנאָווס ווערק, ווו אין דער פּאָלעמיק מיט די אַלט־רוסישע און אייראָפּעישע אַנאַרכיסטן, געפינען מיר אויך אַ גלענצנדע באַהאַנדלונג פון די היינטיקע אַקטועלע „טאָג־פראַגן".

„לעבנס־פראַגן", דעם 14־טן יוני 1918.

# דער לייכטנדיקער טורעם

## (צום 8־טן יאָרצייט פון זשאַן זשאָרעס)

די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג, דער מאָדערנער סאָציאַליזם, האָט שוין אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצן משך צייט — לויטן היסטאָרישן מאַסשטאַב — אַרויסגעגעבן גענוג גרויסע מענטשן, הויכע פערזענלעכקייטן, לייכטנדיקע גייסטער.

מענטשן און פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן זיך אויפגעהויבן מיט קעפּ העכער איבער זייער צייט און דור און האָבן באַוויזן די זאַך, וועמען זיי האָבן געדינט אַ שטויס צו טאָן אויף אַ גרויסן, ווייטן מהלך. הויכע און פירנדיקע גייסטער, וועמענס גרויסקייט און געניאַליטעט ווערן אָנערקענט נישט נאָר מצד זייערע פריינט און פאַרערער, נאָר אַפילו דורך זייערע קעגנער און קלאַסן־שונאים.

אמת, דערווייל פאַרמאָגט נאָך נישט דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט קיין פּאַנטעאָן, קיין גרויסן רו־פּלאַץ, ווו ער זאָל אַלס אויסדרוק פון אַכטונג און דאַנקבאַרקייט אַריינטראָגן און צונויפזאַמלען זיינע פאַרשטאָרבענע „גרויסע און טרייע זין". דאָס באַדייט אָבער נישט, אַז ער האָט בכלל נישט קיין געפילן פון פאַרערונג און דאַנקבאַרקייט צו זיינע גרויסע. זיי אַלע, די פירער און וועגווייזער, די לערער און העלדישע קעמפער, ליגן פאַרבאָרגן ביי אים, ביים באַוווסטזיניקן פּראָ־

לעטאַריאַט, טיף אין האַרצן, געקרויגט מיט אומפאַרגעסלעכע קרענק פון אַכטונג און דרך־ארץ, באַלויכטן מיט אַ נר־תמיד פון טריישאַפט און באַגייסטערונג.

און צווישן די דאָזיקע פאַרשטאָרבענע און אומגעקומענע פירער פאַרנעמט אַ בכבודיקן און אָנגעזעענעם אָרט אין זיין זכרון די גרויסע, שטראַלנדיקע פערזענלעכקייט פון ז ש אַ ן ז ש אָ ר ע ס.

ער איז אַליין נישט געווען קיין אַרבעטער, לויט זיין אָפּשטאַמונג. ער איז אין זיינע יונגע יאָרן נישט געווען קיין סאָציאַליסט לויט זיין געזינונג, לויט זיין וועלט־אָנשויונג.

דער יונגער זשאָרעס איז געווען באַגייסטערט מיט די אידעאַלן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ע־האט געטרוימט ווייטער צו פירן די טראַדיציע פון דער העראָישער עפּאָכע פון דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע פון 1789—1794. זשאָרעס איז דאַמאָלסט געווען לויט דער וועלט־אָנשויונג אַן אידעאַליסט. ער האָט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט די גאַנצע היינטיקע מענטשהייט צו באַגייסטערן און אויפפלאַקערן מיט די לאָזונגען פון יענע שטורעמדיקע יאָרן.

לויט זיינע גרויסע און רייכע ענציקלאָפּעדישע קענטנישן איז זשאָרעס געווען אַ געלערנטער, לויט זיין פּראָפעסיע — אַ פּראָפעסאָר אין טולוזער אוניווערזיטעט. אָבער זשאָרעס איז נישט געווען געקנעכטן פון יענעם געלערנטן טייג, וועלכע דערלויבט דעם מענטש צו פאַרמאַרענירן זיך אין אַ פאַרשלאָסענעם קאַבינעט, זיך איינטריקענען אין טויטע און אין פאַרשטויבטע ביכער. ער האָט פאַרמאָגט אַ צו ברויזנדיקן כאַראַקטער, אַ צו הייסן טעמפּעראַמענט און פאַרצערנדיקע דורשט צו אַקטיוויטעט, בכדי ער זאָל זיך קאָנען באַנוגענען מיט זיין טרוקענער וויסנשאַפט.

אים האָט פון די יונגע יאָרן אָן געצויגן אין גאַס, צו די מאַסן, איבערצושאַפן זיינע אידעאַלן אין לעבעדיקע מעשים.

נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, אינגאַנצן 26 יאָר אַלט, פאַרלאָזט ער דעם אוניווערזיטעט און וואַרפט זיך אין פּאָליטישן קאַמף. ער שטעלט אַרויס זיין קאַנדידאַטור צום פּאַרלאַמענט אין יאָר 1885 און גייט דורך אַלס דעפּוטאַט. זיין ערשטע רעדע אין פּאַרלאַמענט מאַכט אַ גרויסן רושם און ווערט באַגריסט דורך דעם פירער פון די ראַדיקאַלן קלעמאַנסאָ, וועלכער ווינטשט דעם פּאַרלאַמענט, „ער זאָל אָפט קאָנען הערן אַזעלכע שיינע און טיפע, איטהאַלטסרייכע רעדעס". שפּעטער איז דעם זעלבן קלעמאַנסאָ טאַקע אויסגעקומען צו הערן אַ סך אַזעלכע „שיינע און טיפע רעדעס", געהאַלטן דורך זשאָרעסן, אָבער שוין נישט אַלס פריינט און אידעישער אָנהענגער, נאָר אַלס הייסער און ברויזנדיקער קעגנער, וועלכער פלעגט ממש צעשמעטערן אויף שטיקלעך דעם, אויף וועמען ער פלעגט אָנפאַלן.

זשאָרעס האָט אָנגעהויבן זיין פּאָליטישע קאַריערע אַלס בירגערלעכער ראַדיקאַל. ער האָט זיך אָבער גיך אַרומגעזען, אַז די איצטיקע בורזשואַזע פירער און טוער פון דער דריטער פראַנצויזישער רעפּובליק, די לעבעדיקע אייניקלעך פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע זענען זייער ווייט געפאַלן פון זייערע גרויסע זיידעס פון שטורמישן רעוואָלוציאָנערן דור. זיך טובל געווען אין בלוט פון דער פּראָלעטאַרישער קאָמונע פון יאָר 1871, דורכגעמאַכט צענטליקער יאָרן אַ שאַרפן קלאַסן־קאַמף מיטן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, באַפעסטיקט און פאַרזיכערט איר הערשאַפט און צוזאַמענאַרבעט מיט די מאָנאַרכיסטישע גענעראַלן און קלעריקאַלע אַריסטאָקראַטן, האָבן די „רעפּובליקאַנער" פון דער דריטער רעפּובליק פאַרלוירן דעם גאַנצן אידעאַליזם פון דעם שטורעם־ און דראַנג־פּעריאָד. פּראָצענטניקעס און קרעמער האָבן זיי געזאָרגט בלויז וועגן זייערע פּראָפיטן און ציניש זיך אויסגעלאַכט פון די חלומות, וואָס זייערע זיידעס האָבן געזען. זיי, די קינדער פון די אַטעיסטן און גאָט־שטורמער, זענען ווידער פרום געוואָרן, האָבן באַקומען

פארגלאָצטע אויגן צום הימל און האָבן געזאָרגט בלויז וועגן א גראָבן חומרשן לעבן אויף דער ערד. דער גאָלד־זאַק האָט זיך פארבונדן מיטן צלם און עם האָט זיך איינגעשטעלט אַן ענג־הארציקער, שמאָל־עגאָיסטישער רעזשים פון געלט־גיריקע באַנקירן, אוואַנטוריסטישע שפעקולאנטן און פראָסטיטואירנדיקע אדוואָקאטן.

די דריטע רעפובליק האָט אָנגעהויבן, לויטן שטייגער פון די מאָנארכיסטישע מלוכות, צו שפילן זיך „אין סאָלדאטן", צו באצירן זיך מיט גלאנצנדיקע קנעפלעך, גענעראַלסקע לאַמפּאסן, צו פארשווענדן דעם גאנצן פאָלקס־פארמעגן אויף דעם בלוט־זויפערישן מיליטאַריזם. רעאַקציע, מיליטערישע קליקע און מלחמה־שליטה — אָט דאָס זענען די דריי נייע עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך שטארק באפעסטיקט אין דער דריטער רעפובליק.

נישט וועגן אזא רעפובליק, נישט וועגן אזעלכע רעפובליקאַנער, נישט וועגן אזא „נאציע" האָט געטרוימט דער ייִנגער זשאָרעס, בעת ער האָט זיך גענומען צו פאָליטישער טעטיקייט. און זשאָרעס איז געווען פון די, וועלכע האָבן נישט געוווסט פון האַלבע וועגן. ער פלעגט נישט קענען פארגלעטן און קריכן אין פאָליטיק. ער איז געווען שארף אין זיין פאראכטונג, פלאַמענדיק־ליידנשאפטלעך אין זיין האַס.

זשאָרעס האָט איבערגעריסן, לחלוטין איבערגעריסן די פעדעם, וואָס האָבן אים פארבונדן מיטן בירגערלעכן ראדיקאַליזם. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די געשיכטלעכע, רעוואָלוציאָנערע ראָל פון דער בורזשואזיע איז שוין אָפּגעלעבט אויף שטענדיק. אַז דער איינציקער קלאַס, וועלכער איז אין דער היינטיקער צייט מסוגל אויפצונעמען און צו קעמפן פאר פרייהייט און גלייכהייט, פאר אמתע, קאָנסעקווענטע פרייהייט אָן שום קלאַסן־הערשאפט, פאר ווירקלעכע סאָציאַלע גלייכהייט אין גאנצן

לעבן, — איז דער פּראָלעטאַריאַט. און דער איינציקער רעזשים, וועלכער קאָן דאָס גאַראַנטירן, איז דער סאָציאַליזם.

אין נאָמען פון דער מענטשהייט האָט זיך זשאָרעס גע־שטעלט אין דינסט פונם קלאַסן־קאַמף. געטריבן פון זיין צו־קונפטס־אידעאַל וועגן אַ שיינעם האַרמאָנישן מענטש, איז זשאָ־רעס איבערגעגאַנגען צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט זיך גע־שטעלט אין די ערשטע רייען פון קעמפנדיקן פראַנצויזישן פּראָ־לעטאַריאַט. פון 1893־טן יאָר אָן האָט זיך זשאָרעס ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג באַטייליקט אין דעם גרויסן קאַמף, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פירט מיט דער גאַנצער וועלט.

* * *

באַלד אויפן צווייטן יאָר, ווי זשאָרעס האָט זיך אָנערקענט אַלס סאָציאַליסט, האָט ער געגעבן אַ פאַרניכטנדיקע, גלענצנ־דיקע שלאַכט דער בורזשואַזער פּאָליטיק פון דער דריטער רע־פּובליק, פאַרטרעטן דורך דעם דאַמאָלסטיקן פרעזידענט קאַזימיר פּעריע. ער איז אַרויסגעטרעטן אַלס פאַרטיידיקער פון זיין פריינט רישאַר, וועלכער האָט דעם פרעזידענט באַליידיקט אין אַן אַרטיקל. זשאָרעס האָט אין יענער רעדע אַרויסגעוויזן זיין גרויסן האַס צו די איצטיקע קרעמערישע פּאָליטיקאַנער, צו די פּראָצענטניקעס, וועלכע האָבן פאַראַטן די בורזשואַזיע צוליב דעם אַדל, דעם אַדל צוליב דער בורזשואַזיע. איין דינאַסטיע צוליב אַ צווייטער, די מאָנאַרכיע צוליב דער רעפּובליק. זיי אַלע צוזאַמען און יעדער באַזונדער, אויסער זיך אַליין. דער פּאָר־זיצער שטעלט אָפּ זשאָרעסן: „איר זענט אַוועק צו ווייט. איך פאַרגלייכט דאָס הויז פון פרעזידענט מיט אַ שאַנד־הויז". אויף דעם האָט זשאָרעס געענטפערט: „ניין, איך פאַרגלייך נישט. איך שטעל עס נידריקער". נאָך דער דאָזיקער צעשמעטערנדיקער רעדע, האָט קאַזימיר פּעריע זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע...

מען האָט געדאַרפט הערן זשאָרעסן רעדן. אַ הויכער, ברייטפּלייציקער, מיט אַ שטאַרקער דונערנדיקער שטים, פּלעגט

ער ברויזן און שטורמען אויף זיינע צוהערער. דאָס איז געווען א גרויסער רעדנער־קינסטלער. ער האָט געקאָנט באַרירן מיט זיינע ווערטער די איינגעדרעמלטע סטרונעס אין דער מענטש־לעכער נשמה, די פארבאהאלטענסטע געפילן און יענעמס הארץ. ווי א מעכטיקער שטורעם־ווינט פלעגט ער זיי צונויפבלאָזן פון אלע ווינקעלעך, פלעגט זיי לאָזן אין באַוועגונג און באַלד זיי אין הייסע ליידנשאפטן צעפלאַקערן.

ווי א סקולפטאָר פלעגט ער מיט זיין האמער פאָרמען און מייסטערן די גרויסע סטיכיע־מאסע. באַלד פלעגט זיין שטים זיך צעזינגען, ווי א הערלעכער אָרגל, וועלכער רופט ארויס ניע פארגעסענע געפילן, דאָ זיך צעקלינגען ווי א מעכטיקער גלאָק, וועלכער רופט און וועקט צו ענטוזיאסטישער התלהבות און באַלד זיך צעברענען, ווי א מעכטיקער פלאַם, ווי א פלאַקער פייער, ווי א פייער־שפייענדיקער ווולקאַן.

זשאָרעס האָט פארמאָגט אין זיך אומדערשעפלעכע קוואַלן פון פאַטאָס. נישט פון יענעם בלימענדיקן מליצה־פאַטאָס, וואָס איז אַזוי כאראַקטעריסטיש פאַר א דורכשניטלעכן פראנצויזישן רעדנער, נאָר פון דעם העראָישן, טיף־דורכדרינגענדיקן נביאות פאַטאָס, וואָס לייכט און צינדט־אָן צוזאמען.

און ווירקלעך — פון זיין קאָלאָסאַלער מעכטיקער ברוסט האָבן ארויסגעברויזט נאָך נישט אויסגעלעבטע אידעאַלן־וועלטן, די העראָישע פארגאַנגענהייט פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע, ווען זי האָט אַזוי העלדיש און דרייסט די טראָ־נען אויף שפּענדלעך צעשמעטערט, די באַסטיליען מיטן וואָרצל אויסגעריסן און די טיראַנען אויף דער תליה געשיקט. און — די שיינע צוקונפטס־וועלט פון דער מענטשהייט, ווען זי וועט איבערשמידן אירע שווערדן אויף גראָב־אייזנס, ווען עקספּלואַ־טאַציע און האַס צווישן מענטשן וועלן אויפהערן און ס'וועט זיך איינשטעלן א שיינע האַרמאָנישע מלוכה פון ארבעט און

גערדאַנק, פֿון עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע און קאָלעקטיווער אייניקייט.

טאָמאַס קאַרלייל האָט אַמאָל פֿאַרגליכן די גרויסע, גרויע מענטשלעכע מאַסע צו פֿאַרטריקנטע דערנער, וועלכע דאַרן אין מדבר, און די גרויסע אויסדערוויילטע מענטשן צו בליצן, וועלכע צינדן־אָן מיט זייער פֿייער די דאָזיקע אויסגעטריקנטע דערנער. מיר, מאַרקסיסטן, מיינען, אַז שוין אין דער גרויסער מענטשן־מאַסע ליגט פֿאַרבאָהאַלטן דער הייליקער, ליכטיקער פֿייער. מען דאַרף אים נאָר קענען אַרויסברענגען פֿון דער באַהעלטעניש, מען דאַרף אים קענען אַרויסשלאָגן, אַז ער זאָל אָנהויבן צו לייכטן און פֿלאַקערן. און דאָס פֿאַרמאָגן צו באַווייזן די גרויסע פּערזענלעכקייטן.

זשאַן זשאָרעס האָט אין זיך קאָנצענטרירט אין אַ גרויסער מאָס די אידעאַלן און שטרעבונגען פֿון דער צייט און ער האָט געקאָנט אַרויסברענגען דאָס, וואָס ביי דער גרויסער מאַסע ליגט פֿאַרבאָהאַלטן אין אַן אומבאַוווּסטזיניקער פֿאָרם. אַרויסזאָגן און פֿאָרמולירן אַזוי, אַז כאַאָס זאָל זיך פֿאַרוואַנדלען אין האַרמאָניע, חושך אין ליכט און דאָס אומקלאָרע, דאָס באַהאַלטענע — אין פֿאַרענדיקטע, באַשיינפּערלעך־דייטלעכע אמתן. זשאָרעס איז געווען דער געניאַלער אָרגאַן פֿון פּראָלעטאַריאַט, זיין חוש־הדיבור, זיין טריבון.

לויט זיין גאַנצן כאַראַקטער איז זשאָרעס געווען אַ מענטש פֿון מעשים, פֿון לעבעדיקער אַקציע, אַ פּראַקטישער, רעאַלער פּאָליטיקער, אָבער ער איז נישט געווען קיין אָפּאָרטוניסט. דאָס הייסט, ער האָט אין זיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט אפֿילו, נישט אויסגעלאָשן דעם גרויסן גייסט פֿון יום־טוב, וואָס ער האָט שטענדיק געטראָגן אין זיך. ער האָט נישט צוביטן זיין אידעאַל אויף קליינינקייטן, פֿאַרקערט, ער פֿלעגט אין די קליינינקייטן גופֿא אַריינבלאָזן די גרויסע נשמה פֿון קאַמף, פֿון טראַגישן פּאַטאָס און צוקונפֿטס־יום־טוב. אין פֿראַנקרייך האָט אין די



90־ער יאָרן אויסגעבראָכן דער דרייפוסדפּראָצעס, ווו די גאַנצע דעמאָראַליזאַציע פון דער מיליטערישער קליקע איז אַרויסגע־טרעטן אין איר העלער ליכט. זשאָרעס האָט זיך גלייך געשטעלט אין קאַמף צוזאַמען מיטן גרויסן פראַנצויזישן שרייבער פון יע־נער צייט, זאָלאַ, און ער האָט געוואָרפן דער גאַנצער העדשנ־דיקער כנופיא אין געזיכט פייערדיקע, גאַליקע ווערטער־שפּיזן, וואָס פלעגן שטענדיק טרעפן אין ציל. דעם פּראָצעס פון אַ־אומגערעכט פאַרמשפּטן ייד האָט ער פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן פּרינציפּיעלן פּראָצעס קעגן דער מיליטאַריסטישער שליטה, קעגן דעם פאַריסענעם קלעריקאַליזם און רעאַקציאָנערן אַנטיסעמיטיזם.

טאַקע צוליב דער גרויסער סכנה, אין וועלכער די פראַנ־צויזישע רעפּובליק האָט זיך דאַמאָלסט געפונען, האָט זשאָרעס געמיינט, אַז די סאָציאַליסטן מעגן זיך באַטייליקן אין די בור־זשואַזע רעגירונגען, בכדי צו פאַרפעסטיקן די רעפּובליק. אין יאָר 1901 האָלט ער אונטער דעם דאַמאָלסטיקן סאָציאַליסט מי־לעראַן, וועלכער איז אַריין אין דער ראַדיקאַלער רעגירונג פון קאָמב. אָבער קעגן אַזאַ טאַקטיק זענען שאַרף און ענערגיש אַרויסגעטרעטן די צוויי מאַרקסיסטישע פירער פאָל לאַפאַרג און דער גישט לאַנג פאַרשטאָרבענער זשול געד. ס'איז אַוועק אַ היציקער, שאַרפער קאַמף. זשאָרעס האָט פאַרטיידיקט זיין פּאָ־זיציע מיט זיין גאַנצן טעמפּעראַמענט און געניאַלע פעיקייטן. די דאָזיקע מחלוקת האָט געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי.

ווי נאָר אָבער דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין אַמסטערדאַם האָט אָפּגעוואָרפן זשאָרעס טאַקטיק, האָט זשאָרעס געבויגן זיין גרויסן קאָפּ פאַר דעם אָרגאַניזירטן ווילן פון פּראָלעטאַריאַט און ער האָט זיך גלייך אונטערגעוואָרפן די דיסציפּלין. אין נאָמען פון פּאַרטיי־אייניקייט האָט ער מקריב געווען מיט זיינע פּערזענלעכע בליקן און ער האָט ווייטער גע־אַרבעט דיסציפּלינירט, אין הסכם מיט דער נייער טאַקטיק.

פירנדיק דעם פּראָלעטאַריאַט האָט ער זיך אויך געלאָזט פון אים פירן. ער האָט קיינמאָל דעם קאָנטאַקט מיט אים נישט איבער געריסן. זיין גרויסע פּערזענלעכקייט האָט ער איינגעפּאַסט אין די אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען פון דיסציפּלין און קאָלעגיאַלער אַרבעט.

און דאָס איז טאַקע דער אונטערשיד צווישן אים און די אַנדערע איבערלויפער פון בורזשואַזן לאַגער. מיר האָבן אין זיין צייט געהערט די ראַדיקאַלע דרשות פון ייִנגן סאָציאַליסט און סינדיקאַליסט בריאַן. ער פלעגט באַקעמפן זשאָרעסן פאַר זיין „אָפּאָרטוניזם" און פּשרה־פּאָליטיק. אָבער דאָס איז געווען אַ קליינער מענטש מיט גרויסע אַמביציעס, אַ מענטש געטריבן צום פּראָלעטאַריאַט פון זיין שטאַרקער אייגנליבע. און ער האָט פאַרענדיקט זיין קאַריערע אַלס פאַררעטער פון פּראָלעטאַריאַט, אַלס וואָרט־פירער און געשעפטסמאַן פון דער רעאַקציאָנער־אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע. דעם זעלבן סוף האָט אויך געהאַט זשאָרעס' פּראָטעזשע, דער אַדוואָקאַט מילעראַן. זיין קאַריערע איז אים געווען וויכטיקער, ווי פּראָלעטאַרישע טאַקטיק, פּאַרטיי־דיסציפּלין און בכלל די אַרבעטער־זאַך. איצט שטייט ער אין דער שפּיץ פון „רעאַקציאָנער־שאָוויניסטישן נאַציאָנאַלן בלאָק" און פאַרנעמט דעם פּאָסטן פון אַ פּרעזידענט פון דער דריטער רעפּובליק. זשאָרעס אָבער, דער גרויסער פּאָליטיקער און פּראַקטישער טוער, איז געבליבן ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג טריי דער זאַך פון אַרבעטער־קלאַס, האָט זיינע גרויסע קענטענישן און זיין גאַנצן זשעני אָפּגעגעבן פאַרן פּראָלעטאַריאַט און סאָציאַליזם און איז ערב דעם אויסברוך פון דער גרויסער וועלט־קאַטאַסטראָפע — וועלכע ער האָט מיט זיין שטאַרקער אינטואיציע פאַרגעפילט און באַקעמפט מיט אַלע זיינע כוחות — געפאַלן אַלס מאַרטירער, קדוש פאַר דער גרויסער זאַך פון פּראָלעטאַריאַט.

„פאָלקסצייטונג", דעם 4־טן אויגוסט 1922. נומ' 58.

אונטערגעשריבן: י. א—קי.

* * *

*) איצט צען יאָר נאָך זיין מאַרטירערישן טויט, האָט שוין אַפילו די אימפּעריאַליסטישע און נאַציאָנאַליסטישע בורזשואַזיע (אויסער אַ קליינער גרופּע פאַרביסענע נאַציאָנאַליסטן) געמוזט בויגן דעם קאָפּ פאַר דעם גרויסן קעמפער פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, פאַר דעם טרייען היטער „פונם אָפּמאַך מיט דער מענטשהייט". און האָט באַשלאָסן איבערפירן זשאַרעס' אַש אין פּאַנטעאָן, אין דעם געדענק־פּאַלאַץ, ווו עס ווערן אויפגעהאַלטן אַלע „גרויסע זין פון פראַנקרייך". דאָס אַליין איז אַ מאָראַלישער זיג פון סאָציאַליסטישן געדאַנק, אַ טריומפאַלער נצחון פון סאָציאַליסטישן מאַרטירער.

די רעפּובליקאַנישע בורזשואַזיע קאָן שוין, נאָך 10 יאָר צייט, מוחל זיין דעם טויטן זשאַרעסן זיינע „סאָציאַליסטישע חלומות". און איז אויסן מיטן אַריינפירן אים אין פּאַנטעאָן צו פאַרדעקן, צו פאַרטושן דאָס לעבעדיקע און פייערדיקע, וואָס איז פאַרבליבן פון סאָציאַליסטישן קעמפער.

אָבער ווי האָט זיך זשאַרעס אַליין אַמאָל אויסגעדריקט וועגן אַזעלכע לייט: „זיי נעמען פון דער געשיכטע בלויז דעם אַש, מיר נעמען דעם פייער". אויך איצט האָט די ליבעראַלע און ראַדיקאַלע בורזשואַזיע גענומען פון געשיכטלעכן זשאַרעסן בלויז זיין ביסל אַש. דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט אָבער

---

*) אין אויגוסט 1924 איז דערשינען אַ צווייטער אַרטיקל פון ח' ב. מיכאַלעוויטש: „צום צענטן יאָרצייט פון זשאַן זשאַרעס". דעם לעצטן אָפּזאַץ פון דאָזיקן אַרטיקל האָבן מיר זיך דערלויבט דאָ צו פאַרעפנטלעכן.

וועט נעמען פאר זיך דעם אייביקן פייער, וועלכער עס האט געשפרודלט און געברויזט אין זשארעסן. ער וועט פון אים ירשענען זיין גרויסע תשוקה צו א פולקאמענעם הארמאנישן לעבן, זיין הייכן אידעאל פון גערעכטיקייט און מענטשלעכקייט אויף דער וועלט, זיין הערא‌ישן קאמף פאר א סאציאליסטישע געזעלשאפט.



# ווילהעלם ליבקנעכט

**(צו זיין הונדערט־יאָריקן געבורטסטאָג)**

דעם 29־טן מערץ האָט דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט פון דייטשלאַנד געפייערט דעם 100־יאָריקן געבורטס־טאָג פון איינעם פון זיינע ערשטע קעמפער און פירער, פונם „סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע" און לערער פונם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם — ווילהעלם ליבקנעכט.

גרויס איז געווען די באַדייטונג פון ווילהעלם ליבקנעכט פאַר דער דייטשער אַרבעטער־באַוועגונג. נישט אָפּצושאַצן איז זיין אויפטו אַלס גרינדער און פירער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אָבער נישט קליין איז אויך די ראָלע, וואָס ווילהעלם ליבקנעכט האָט געשפּילט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. זיינע פּראָפּאַגאַנדיסטישע רעדעס אין פּאַרלאַמענט, אין די געריכטן און נאָך מער זיינע רעוואָלוציאָנערע מעשים זענען פאַרבליבן אַלס דירעקטיוון פאַרן גאַנצן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. און צווישן די גרויסע גייסטער פונם פּראָלעטאַרישן סאָציאַליזם פאַרנעמט ווילהעלם ליבקנעכט מיט רעכט דעם אויבנאָן.

ליבקנעכט האָט געהערט צו די טרייסטע תּלמידים און איבערגעגעבנסטע פריינט פון מאַרקס און ענגעלס. זיי, די גרינדער פונם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, האָבן געשאַפן די סאָציאַליסטישע טעאָריע; זיי האָבן אויסגעאַרבעט די אַלגעמיינע

גרונט־כללים פון דער פראָלעטאַרישער באַוועגונג, האָבן זי אַוועקגעשטעלט אויף אַ סאָלידן וויסנשאַפטלעכן באַזיס, האָבן אויסגעפאָרשט איר געזעצמעסיקייט און אַנטוויקלונגס־טענדענצן.

אָבער זיי איז ווייניק אויסגעקומען פּראַקטיש אָנטייל צו נעמען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, צו מאַכן סאָציאַליסטישע פּאָליטיק. ז"י זענען געווען געצוווּנגען אַפּצוּריכטן גלות אין פרעמדן לאַנד און האָבן געמוזט פון ווייטן זיך צוקוקן צו דער נייער אַרבעט, וואָס ווערט געטון אין זייער אַלטער היים.

ליבקנעכט איז פּאַקטיש געווען דער ערשטער, וועמען עס איז אויסגעקומען צו שמידן דעם אייזן פון סאָציאַליסטישן געדאַנק אינם פייער פון פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. אַנצוּווענדן די מאַרקסיסטישע כללים צו דער רעאַלער ווירקלעכקייט, צו פּאַרוואַנדלען דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם אין רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק.

און דערפאַר קען ליבקנעכט מיט רעכט פּאַרצייכנט ווערן אַלס ערשטער מאַרקסיסטישער פּאָליטיקער, אַלס גרינדער און וועגווייזער פונם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם אין דער פּראַקטיק.

און פּונקט ווי דער צופאַל האָט האַרמאָניש צונויפגעפּאָרט די צוויי גרויסע סאָציאַליסטישע דענקער, מאַרקס און ענגעלס, וועלכע האָבן זיך איינער דעם צווייטן אין זייער בשותּפותדיקער אַרבעט דערגענצט, אַזוי האָבן זיך אויך האַרמאָניש צונויפגע־פּאָרט די צוויי גרויסע פּראַקטיקער פונם סאָציאַליזם: ווילהעלם ליבקנעכט און אויגוסט בעבעל.

דער טאָקער בעבעל איז געווען אַ געזעצטער מענטש, מיט אַ קלאָרער, קאַלטער לאָגיק, מיט אַ געזונטן, פּראַקטישן חוש. דער דאָצענט ליבקנעכט האָט גראָד פּאַרמאָגט אַ הייסן טעמ־פּעראַמענט פון אַ קעמפער, אַ שטאַרקן כאַראַקטער פון אַ פֿי־רער און אַ קאָנצענטרירטן ווילן פון אַ רעוואָלוציאָנער. זיי האָבן איינער דעם צווייטן ממלא געווען, און זייער פּאָליטי־



שער צוזאַמענאַרבעט האָט געשאַפן דאָס שענסטע בלעטל גע־שיכטע פון דער דייטשער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט.

ליבקנעכט איז געווען אַ קעמפער לויט זיין טעמפּעראַמענט, אַ רעוואָלוציאָנער לויט זיינע אייגנשאַפטן. אויפן פּראָצעס, וואָס איז אין יאָר 1872 פאָרגעקומען... פאָרפירט געוואָרן קעגן ליבקנעכטן, בעבעלן און העפּנערן (פאַר זייערע סימפּאַטיעס מיט דער פּאַריזער קאָמונע און שאַרפן אַרויסטריט קעגן דער מאָנאַרכיע), האָט ליבקנעכט זיך אַליין אַזוי כאַראַקטעריזירט:

„ווען איך בין נאָך אַזויפיל רדיפות אָרעם, איז נישט קיין שאַנד. ניין, איך בין שטאָלץ דערמיט, ווייל דאָס איז דער בולטסטער באַווייז פאַר מיין פּאָליטישער ערע. איך בין נישט קיין פאַרשווערער פון פּראָפעסיע, איך בין נישט קיין געדונגענער לאַנדסקנעכט פון קאָנספּיראַציע. אויב איר ווילט, קאָנט איר מיך אָנרופן אַ „סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע", קעגן דעם האָב איך גאָרנישט".

און ווירקלעך, ליבקנעכט האָט זיך געשטעלט צום דינסט פון דער רעוואָלוציע פון זיינע יונגע יאָרן אָן און איז אויך פאַרבליבן טריי ביז דעם לעצטן אָטעם־צוג פון זיין לאַנג לעבן.

צו 21 יאָר האָט ער גלענצנדיק געענדיקט דעם אוניווערזיטעט אין בערלין און איז געוואָרן אין יאָר 1847 אַ לערער אין אַ פּרעבל־מוסטער־שול אין ציריך. אין יאָר 1848 ברעכט אויס אין פראַנקרייך די פעברואַר־רעוואָלוציע. ליבקנעכט פאַרלאָזט די שווייץ, זיין שול און זיין פּראָפעסאָרישע קאַריערע און ער פאָרט אַוועק קיין פראַנקרייך. דער דייטשער דיכטער הערוועג אָרגאַניזירט דאַמאָלט אין פּאַריז אַ באַטאַליאָן, וועלכער זאָל גיין אויף דייטשלאַנד איינפירן דאָרט אַ רעפּובליק. ליבקנעכט שטייט־צו צו דער דאָזיקער אונטערנעמונג. „עס האָט זיך געהאַנדלט, דערציילט ער, וועגן אויסקעמפן אַ דייטשע רעפּובליק, דער מאָמענט האָט זיך מיר אויסגעוויזן פאַר גינס־

טיק, און איך וואָלט זיך אַליין אַרויסגעוויזן פאַר אַ פּחדן אָדער פאַרעטער, ווען איך וואָלט אַנדערש געהאַנדלט".

די אונטערנעמונג האָט געפּלאַצט. ליבקנעכט וויל זיך שוין ווידער נעמען קנעלן אין זיין פּרעבל־שול. אָבער אין סעפּטעמבער ברעכט אויס אין דרום־דייטשלאַנד אַן אויפשטאַנד. נעמט ער אַ ביקס, גייט אַריבער מיט אַ צענטליק פּאַרטיזאַנער דעם ריין, שלאָגט זיך העלדיש מיט די מאָנאַרכיסטישע זעלנער און פאַלט אַריין אין געפאַנגענשאַפט. ער זיצט אָפּ דריי־פערטל יאָר ביזן געריכט. ווען עס דערגייט צו זיין פּראָצעס, ברעכט אויס (אין מאַי 1849) אַ מיליטערישער אויפשטאַנד און די ריכטער באַפרייען אים. זיצנדיק אין טורמע, פאַרליבט ער זיך אין דער 14־יאָריקער טאָכטער פון טורמע־אינספּעקטאָר און האָט מיט איר שפּעטער חתונה אין לאָנדאָן.

אַהין איז ער מגולגל געוואָרן אַ דאַנק דעם, וואָס די שווייצאַרישע מאַכט האָט נישט געוואָלט האַלטן ביי זיך אַזאַ געפערלעכן רעוואָלוציאָנער, זי האָט אים איבערגעגעבן די פראַנצויזן, יענע האָבן אויך נישט געוואָלט האָבן ביי זיך אַזאַ אומרואיקן שכן און האָבן אים פאַרטריבן קיין ענגלאַנד.

מיט אַ פיינעם הומאָר דערציילט ליבקנעכט אין זיינע דערינערונגען, ווי אַזוי ער איז צום ערשטן מאָל געקומען צו מאַרקסן אין שטוב. ווי מאַרקס האָט געמאָסטן זיין שטערן און האָט זיך געוואָלט איבערצייגן, צי ער האָט אַ גענוג־שטאַרקן קאָפּ פאַר אַ רעוואָלוציאָנער. מאַרקס האָט אים פאַרבעטן צו זיך אויף „אַן עקזאַמען". מען האָט זיך אָוועקגעזעצט ביי אַ גלעזל ביר און מאַרקס האָט אים גענומען אויספרעגן אויף די דייטשע דעמאָקראַטן. פון שמועס האָט זיך מאַרקס איבערצייגט, אַז ער האָט פאַר זיך אַ גוטן רעוואָלוציאָנער און ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן מיט אים וועגן ווייטע סאָציאַליסטישע פּערספּעקטיוון, וועגן דער נייער עלעקטרישער מאַשין, וואָס איז צום ערשטן מאָל אויסגעשטעלט געוואָרן אין לאָנדאָן, און אויף

וועלכער מאַרקס האָט געליינט גרויסע האָפענונגען ביים אייג־פירן דעם סאָציאַליזם. אָבער די עלעקטריע, דערציילט ליבקנעכט וויציק, האָט נישט צוגעטריבן די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, און אים איז אויסגעקומען אַפּצוריכטן גלות אין לאָנדאָן גאַנצע 13 יאָר. ער האָט דאַרט געהונגערט בפועל ממש, ער האָט נישט געהאַט מיט וואָס אַ טאָג איבערצולעבן. מען האָט דעמאָלט אין לאָנדאָן געזוכט אַ פּאָר הונדערט בריוו־טרעגער, „און אַזוי, דערציילט ליבקנעכט, ווי איך בין שטענדיק געווען אַ גוטער לויפער, האָב איך אָנגעגעבן אַ ביטע, אַז איך וויל אָננעמען די שטעלע פון אַ בריוו־טרעגער". אָבער דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן.

די 13 יאָר לעבן אין לאָנדאָן אין הונגער און נויט, האָבן אָבער ליבקנעכטן פיל געגעבן. ער האָט אליין אַ סך געלערנט ביי מאַרקסן און האָט נאָך מער געלערנט מיט אַנדערע אין „קאָמוניסטישן קלוב". ער איז געווען זייער פּאָפּולער און באַליבט ביי די דייטשע אַרבעטער־עמיגראַנטן.

אין 1862 איז ליבקנעכט אַמנעסטירט געוואָרן און איז איינגעלאָדן געוואָרן דורך אַ געוויסנעם רעפּובליקאַנער בראַם צו רעדאַגירן די „נאָרד־דייטשע אַלגעמיינע צייטונג". אָבער גיך איז ליבקנעכט געוויר געוואָרן, אַז דער דאָזיקער דעמאָקראַט באַקומט סובסידיעס פאַר זיין צייטונג פון ביסמאַרקן, האָט ער אוועקגעוואָרפן די גוטע שטעלע און איז פאַרבליבן מיט זיין פרוי און קינדער אינגאַנצן אָן מיטלען.

און צו דער נויט זענען נאָך צוגעקומען רדיפות מצד ביס־מאַרקן און זיין פּאָליציי. מען שיקט אים אַרויס פון פּרייסן, מען אַרעסטירט אים שפּעטער אין בערלין אויף דריי מאָנאַטן. פון גרויס אויפרעגונג און האַרץ־ווייטאָג שטאַרבט ביי אים אָפּ זיין פרוי אין יאָר 1866 און לאָזט אים איבער צוויי קליינע טעכטער. אָבער דער „סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע" פאַלט ביי זיך נישט אַראָפּ. ער אַרבעט ווייטער אומדערמידלעך. ער

באַזעצט זיך אין לייפּציק, שליסט דאָרט קאָנטשאַפט מיט בע־בעלן און זיי פאַרבינדן שוין זייערע שיקזאַלן און שליסן צוזאַמען זייער וועג אויפן גאַנצן לעבן.

ליבקנעכט איז שוין אינגאַנצן אַנטוישט אינם „רעפּובליקאַניזם" פון דער בירגערלעכער דעמאָקראַטיע. ער קעמפט פאַר דער זעלבסטשטענדיקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. און ווען אין 1868 איז זיך אין נירענבערג צוזאַמענגעקומען דער קאָנגרעס פון די דייטשע אַרבעטער־פאַריינען, טרעט ליבקנעכט אַרויס ענערגיש און אַנטשיידן פאַר דעם, אַז די סאָציאַליסטישע דעמאָקראַטיע זאָל זיך אָפּרייסן פון דער בירגערלעכער דעמאָקראַטיע.

מיט דער זעלבער אַנטשלאָסנקייט באַקעמפט ער די אַרבעטער־ריכטונג, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון די „לאַסאַליאַנער" און וועלכע האָט דערפירט די באַוועגונג בלויז צו איין פּראַקטישן ציל: פּראָדוצירקאָאָפּעראַציע.

אין יאָר 1869 קומט פאַר אין אייזענאַך, אונטער ליבקנעכטס און בעבעלס אָנפירערשאַפט, דער ערשטער קאָנגרעס פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע דערקלערט זיך אַלס סעקציע פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל.

ווען עס ברעכט אויס די דייטש־פראַנצויזישע מלחמה אין יאָר 1870 האָבן ליבקנעכט און בעבעל דעם מוט נישט צו שטימען פאַרן מלחמה־בודזשעט. זיי דערקלערן אָפן זייער סאָלידאַריטעט מיטן פאַריזער פּראָלעטאַריאַט. עס ווערט קעגן זיי פאַרפירט אַ פּראָצעס פאַר „מלוכה־פאַראַט", און ליבקנעכט דערקלערט מיט שטאָלץ אויפן פּראָצעס:

„אַ צווייפאַכער אידעאַל האָט פאַר מיר געשוועבט פון מיין יוגנט אָן: אַ פרייע און פאַרייניקטע דייטשלאַנד און די באַפרייונג פון אַרבעטער־פאָלק, דאָס הייסט די פאַרניכטונג פון קלאַסן־הערשאַפט, וואָס באַדייט גלייכצייטיק די באַפרייונג פון דער מענטשהייט. פאַר דעם דאָזיקן טאָפּלטן ציל האָב איך

געקעמפט מיט מיינע בעסטע קרעפטן און פאר דעם דאזיקן טאפלטן ציל וועל איך קעמפן, כל זמן אין מיר וועט פארבלייבן נאך אן אטעם. צו דעם רופט מיך מיין פליכט".

דאס געריכט האט פארמשפט ליבקנעכטן און בעבעלן אויף 2 יאר תפיסה. בעבעל האט אויסגענוצט די דאזיקע צייט אום צו אונטערלערנען זיך ביי דעם „לערער" ליבקנעכט.

באלד ווי די צוויי פריינט זענען ארויס פון טורמע, האבן זיי זיך גענומען דורכפירן די פאראייניקונג פון דער דייטשער סאציאליסטישער באוועגונג. ליבקנעכט האט געצילט דערצו, אז דער דייטשער פראלעטאריאט זאל ווערן א פאליטישער כוח, וועלכער זאל זיך קאנען קעגנשטעלן דעם דייטשן יונקערישן רע־זשים, ער איז דעריבער איינגעגאנגען אויף א קאמפראמיס מיט די לאסאליאנער, און האט אין גאנצן צושטאנדגעבראכט דעם פאראייניקונגס־קאנגרעס (אין יאר 1875). מארקס איז נישט גע־ווען צופרידן פון די צו־גרויסע קאמפראמיסן, אויף וועלכע ליב־קנעכט איז איינגעגאנגען מיט די לאסאליאנער, אבער ליבקנעכט, וועלכער האט געוויינלעך שטארק געהאלטן פון זיינע צוויי גרויסע לאנדאנער לערער, האט אין דעם פרט געענטפערט: „אין פרינציפן־פראגן אנערקענען מיר דעם לאנדאנער אויטאריטעט. אין טאקטישע פראגן דארפן די דייטשע חברים גיין זייער וועג זעלבסטשטענדיק".

און דער דאזיקער וועג האט זיך ארויסגעוויזן פאר זייער א דערפאלגרייכער. די פארטיי איז אויסגעוואקסן און געווארן א גרויסע מאכט, ביסמארק האט זיך פאר איר נישט אויף א קאטאוועס דערשראקן און ער האט דורכגעפירט דעם אויסנאם־געזעץ קעגן די סאציאליסטן (1878).

און דא איז ליבקנעכט פארבליבן טריי זיין רעוואלוציא־נערן פרינציפ. די פארטיי איז געווארן אומלעגאל, אבער איר ארבעט האט זי נישט אפגעשטעלט. זי האט ארויסגעגעבן א

סאָציאַליסטישע צייטונג אין דער שווייץ און ליבקנעכט איז געווען איר געהיימער רעדאַקטאָר.

אין יאָר 1890 איז דער אויסנאַם־געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן אָפּגעשאַפט געוואָרן. די פּאַרטיי איז פון די אומלעגאַלע יאָרן אַרויס נאָך מער פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט. ליבקנעכט ווערט אָנערקענט אַלס אָפיציעלער פירער און לערער צוזאַמען מיט בעבעלן, ער ווייזט אַרויס אַ געוואַלטיקע ענערגיע און אַרבעטספעיקייט. ער שרייבט, האַלט רעדעס, טרעט אַרויס אין פּאַרלאַמענט, פאָרט אַרום, און באַטייליקט זיך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער פּאָליטיק. דער „סאָלדאַט" פאַרבלייבט טריי דער רעוואָלוציע. אַ טאָג פאַר זיין טויט האָט ער זיך נאָך באַטייליקט אין אַ זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט, געאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס" און דערנאָך ביז שפּעט אין דער נאַכט געשריבן ביי זיך אין דער היים. אין מיטן דער נאַכט האָט אים געטראָפן אַ מאַרך־שלאַג און ער איז שטיל, אָן שמערצן אויסגעגאַנגען. דאָס איז געווען דעם 7־טן אויגוסט 1900 יאָר. ליבקנעכט איז אַלט געווען 74 יאָר. זיין לוויה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אימפּאָזאַנטע דעמאָנסטראַציע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַרבעטער־דעלעגאַציעס פון אַלע לענדער זענען געקומען אָפּגעבן כבוד דעם קעמפער פאַר דער אַרבעטער־זאַך. העכער 2000 קרענץ זענען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף זיין אָרון. 6 שעה האָט זיך געצויגן די פּראָצעסיע פון די הונדערט־טויזנטער פּראָלעטאַריער, וואָס האָבן באַגלייט אין דער אייביקער רו די ביינער פון זייער לערער און פירער און האָבן אויפגענומען אין זייערע הערצער און נשמות דעם ענטוזיאַזם און פייערדיקן גלויבן, וואָס האָבן געפלאַקערט און געלויכטן מער ווי אַ האַלבן יאָרהונדערט אין דער נשמה פונם „סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע.

„נ. פאָלקסצייטונג". 1926. נומ' 62.

# דער אַפּאָסטאָל
# פון אַמעריקאַנער סאָציאַליזם
### (צום טויט פון יודזשין דעבס)

נאָך איינער פון די סאָציאַליסטישע וואַנגעליסטן איז אַוועק פון דער וועלט! איינער פון די גרויסע אַפּאָסטאָלן פון סאָציאַליזם, וועלכע האָבן מיטן גאַנצן פייער פון זייער נשמה געפּריידיקט די נייע רעליגיע פון דער צוקונפט, די רעליגיע פון פרייער אַרבעט.

און צוגלייך מיט די אַלטע אַפּאָסטאָלן פון איראָפּעישן סאָציאַליזם, האָט יודזשין דעבס געשטאַמט אַליין פון פּראָלעטאַריאַט, האָט זיך יאָרן־לאַנג באַשעפטיקט מיט פיזישער אַרבעט. אַליין אַ שלאָסער און לאָקאָמאָטיוו־הייצער, האָט ער אויף זיין אייגן לייב זיך באַקענט מיט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראַקטיק פון הייך־אויוון, שטודירט די געזעצן פון רויב און גזלה, פאַר וועלכע די קאַפּיטאַליסטישע דינער און וועכטער שפּרינגען קדוש.

אָבער יודזשין דעבס האָט געהאַט דורכצומאַכן אַ סך אַ שווערערן וועג, ביז ער איז געקומען צו דער נייער רעליגיע, איידער זיינע חברים און ברידער פון איראָפּעישן סאָציאַליזם.

אין גאַנץ מערב־איראָפּע (מיטן אויסנאַם פון ענגלאַנד) איז די אַרבעטער־באַוועגונג פון אירע יינגסטע יאָרן אָן צוגעשטאַנען צום סאָציאַליזם, האָט זיך באַהעפט מיטן סאָציאַליסטישן אידעאַל, ווי אַ גוף מיט דער נשמה. דער קלאַסן־קאַמף

האָט דאָרטן אָנגענומען די שאַרפסטע פּאָליטישע פאָרמען און האָט צונויפגעשמידט דעם פּראָלעטאַריאַט אין זעלבסטשטענדיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אַנדערש אָבער אין אַמעריקע. דאָרט איז די פּאָליטישע דעמאָקראַטיע שוין געווען אַ געשעענער פאַקט, איידער דער פּראָלעטאַריאַט איז אַרויסגעטרעטן אַלס זעלבסטשטענדיקער קלאַס. און ווען עס האָט זיך אין אַמעריקע אָנגעהויבן אַן אַרבעטער־באַוועגונג, האָט זי זיך איינגעשפּאַנט אין וואָגן פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, נאָך וועלכער זי שלעפּט זיך נאָך לײַדער נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג. דער סאָציאַליזם איז געוואָרן פאַר די אַמעריקאַנער אַרבעטער אַ זאַך פון די „גרינע", פון די „עמיגראַנטן", וואָס איז אָבער נישט קיין „ביזנעס" פאַר די איינגעבוירענע, פאַר די יענקים.

דעבס גופא איז יאָרן־לאַנג געווען אַ מיטגליד פון דער בירגערלעכער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און איז דורך איר אויסגעוויילט געוואָרן אין פאַרשידענע מוניציפּאַלע און פּאַרלאַמענטאַרישע אינסטיטוציעס. אָבער די אַרבעטער־באַוועגונג, אין וועלכער דעבס האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט (ער איז פון יאָר 1890 געווען פאָרזיצער פון די אײַזנבאַן־אַרבעטער) האָט אים אַלץ געפירט ווייטער אויפן וועג פון קלאַסן־קאַמף און אים אַלץ נענטער דערפירט צום סאָציאַליזם.

אין יאָר 1894 איז אין טשיקאַגאָ פאָרגעקומען אַ גרויסער שטרייק פון די אײַזנבאַן־אַרבעטער, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ בלוט־באָד: 12 טויטע, 150 שווער־פאַרוווּנדעטע און העכער 400 אַרעסטירטע. אויך דעבס איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף 6 חדשים תּפיסה פאַר אָרגאַניזירן דעם „אומגעזעצלעכן" שטרייק. אין טורמע ערשט האָט דעבס זיך מגייר געווען און איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט. ער האָט איבערגעריסן אַלע פעדים, וואָס האָבן אים פאַרבונדן מיט דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און האָט זיך געוואָרפן מיט לײַב און זעל אין דער אַרבעט פאַר זײַן נײַעם אידעאַל.

דעבס איז געוואָרן שטאַרק באַליבט ביי אַלע אַרבעטער אין אַמעריקע. מ'האָט אים געהאַרפּט זעען שטיין אויף דער טריבונע און רעדן. מיט זיין הויכער מאָגערער פיגור, מיט זיינע קלוגע און טיפע אויגן, מיט זיין גאַנצן פלאַמענדיקן טעמפּעראַמענט פלעגט ער אָנצינדן די צוהערער, באַגייסטערן די וואָכעדיקע, אַרויסרופן התלהבות און אידעאַליזם ביי די מאַטעריאַליזירטע אַמעריקאַנער אַרבעטער.

דעבס איז געוואָרן דאָס געוויסן און די נשמה פון אַמע־ריקאַנער סאָציאַליזם. און ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה האָט ער נישט געקענט רוען און האָט באַקומען פון דער אַמע־ריקאַנער דעמאָקראַטיע אַ מתנה: מען האָט אים פאַרמשפּט אויף 10 יאָר תפיסה און אָפּגענומען ביי אים אַלע זיינע רעכט...

אָבער דאָס האָט אים געמאַכט נאָך מער באַליבט ביי די אַמעריקאַנער אַרבעטער. און ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אין יאָר 1920 אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון „ערנ־לאָזן אַרעסטאַנט" אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט ער באַקומען ביז אַ מיליאָן שטימען.

דאָס קאַפּיטאַליסטישע אַמעריקע האָט דעם אַפּאָסטאָל פון אַמעריקאַנער סאָציאַליזם געשטעמפּלט אַלס „ערנלאָזער ביר־גער". אָבער הונדערטער־טויזנטער אַמעריקאַנער אַרבעטער און נאָך אַזוי פיל אין אייראָפּע, האָבן געאַכט און געליבט דעם נאָמען פון דעם גרויסן אַמעריקאַנער סאָציאַליסט, און זיי אַלע באַוויינען איצט דעם פאַרלוסט, וואָס דער סאָציאַליזם האָט באַקומען מיט דעם טויט פון מוטיקן פּראָלעטאַריער, פלאַמענ־דיקן סאָציאַליסט און ליכטיקן נביא פון דער נייער מענטשהייט.

„נ. פאָלקסצייטונג". 1926. נומ' 228.

# פעליקס פערל

דער סאָציאַליסטישער געדאַנק אין פּוילן ביז די 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט — אויסגעדריקט אין דער אַרבעט פון „פּראָלעטאַריאַט" — איז געווען געווענדעט אין דער ריכטונג פון עקאָנאָמיש־פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, פון עלעמענטאַרן קלאַסן־קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, און איז געווען דיין פון יעטווערער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אָריענטאַציע.

די רוסישע הערשאַפט אין פּוילן איז דורך דער דערמאָנטער פּאַרטיי, באַטראַכט געוואָרן אַלס פּאָליטישער אויסדרוק פון פּריציש־קאַפּיטאַליסטישער מאַכט בכלל. דער פּאָליטישער קאַמף אין פּוילן איז קאָאָרדינירט געוואָרן מיטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די רוסישע סאָציאַליסטן, מיט דער דאַמאָלטיקער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

אָנפאַנג די 90־ער יאָרן קומט פאָר אַ קריזיס אין דער דאָזיקער אידעאָלאָגיע. די פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט" ווערט פּאָגראָמירט. די צאַרישע סאַטראַפּן וואַרפן זיך מיט אַ חיהשער ברוטאַלישקייט אויף די ערשטע שפּראָצונגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן. אין 1892 אָרגאַניזירט די לאָדזשער פּאָליציי צום 1טן מאַי אַ פּאָגראָם אויף יידן און שפּעטער איז זי זיך נוקם אין די דעמאָנסטראַנטן. עס ווערט דורכגעפירט אַ שענדלעכע לייב־עקזעקוציע. די פּוילישע סאָציאַליסטן שאַצן דאַן איבער זייערע ווערטן, זיי רעווידירן די אַלטע בליקן, און — עס ווערט באַשאַפן אַ נייע, אייגנאַרטיקע סאָציאַליסטישע אי־

דעלעגיע, עס אַנטשטייט די „פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי".

פעליקס פערל און זיינע חברים דערזעען פאַר זיך צוויי זעלבסטשטענדיקע פּראָבלעמען: די באַפרייונג פון פּוילן און די באַפרייונג פון פּראָלעטאַריאַט. פעליקס פערל פאַרבינדט די דאָזיקע צוויי פּראָבלעמען, ער פאַרקניפּט זיי צוזאַמען און צענטראַליזירט זיי אין איין פּאָליטישן פּראָגראַם.

אָבער דאָס איז געווען אַ ריין מעכאַנישע פאַרבינדונג און נישט קיין אָרגאַנישע צונויפגיסונג פון צוויי פּרינציפּן אין איין העכערן סינטעז פון מאַרקסיסטישן מאָניזם.

פערל און די איבעריקע גרינדער פון פּ. פּ. ס. האָבן נישט באַוויזן צו ברענגען די צוויי פּראָבלעמען: נאַציאָנאַלע באַפרייונג און פּראָלעטאַרישער קאַמף צו איין טעאָרעטישער גאַנצקייט, זיי האָבן זיך אַפילו נישט פאַרנומען מיט דער פראַגע, ווי אַזוי וועט דער קלאַסן־קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט — וואָס דאַרף זיין דער איינציקער מאַסשטאַב פון יעדער סאָציאַליסטישער טעטיקייט — פירן צו פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, צו פּוילנס זעלבסטשטענדיקייט. זיי האָבן בלויז קאָנסטאַטירט די פאַראַנענע צוויי צילן, זיי האָבן די פראַגע געלייזט דואַליסטיש.

און במילא איז אויך די פּראַקטיק פון דער דאָזיקער נייער פּאַרטיי נישט געווען קיין מאַרקסיסטיש־איינהייטלעכע, קיין אויסגעשפּראָכן־פּראָלעטאַרישע.

צוויי טענדענצן זענען געקומען צום אויסדרוק אין דער פּראַקטישער אַרבעט פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די טענדענץ פון פאַרשווערער (פּאָווסטאַנצעס), וואָס פירן דעם קאַמף דורך פּאַרטיזאַנישע אָנפאַלן אויפן „אָקופּאַנט" און די טענדענץ פון דער מערב־אייראָפּעישער מאַסן־באַוועגונג פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף. די דאָזיקע צוויי טענדענצן פלעגן זיך אָפט צוזאַמענשטויסן אין דער פּאַרטיי אינעווייניק און איינע פלעגט אָפּרוקן אין אַ זייט די צווייטע, אָפּהענגיק פון דער

אַחער יענער סיטואַציע, פון דעם אַדער אַנדערן פּאָליטישן מאָמענט אין פּוילן און אין רוסלאַנד.

דער רוסישער צאַריזם איז שוין פאַר דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מער נישט, ווי „אָקופּאַציע". די פּ. פּ. ס. גלויבט נישט אין די רעוואָלוציאָנערע מעגלעכקייטן פון רוסלאַנד און זי האָט נישט קיין צוטרוי צו די רוסישע סאָציאַליסטן. „די רוסישע רעוואָלוציע גייט אונז אַזוי פיל אָן, ווי די רעוואָלוציע אין כינע" — דאָס איז דער קלאַסישער אויסדרוק פון פּעליקס פּערלען. אין די ערשטע יאָרן פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. אַלעקסאַנדער הערצענס לאָזונג „פאַר אייער און אונזער פרייהייט", וואָס איז געווען אַ הייליק געבאָט פאַר די „פּראָלעטאַריאַטשיקעס", פאַרלירט דעם חן אין די אויגן פון דער פּ. פּ. ס. און זי גלויבט זיך דערשלאָגן פּוילנס אומאָפּהענגיקייט מיט אייגענע „אומאָפּהענגיקע" מעטאָדן פון קאַמף און אויפשטאַנד.

דער דאָזיקער געמיש פון צוויי זעלבסטשטענדיקע פּרינציפּן, דער שטענדיקער צוזאַמענשטויס צווישן צוויי קעגנזעצלעכע טענדענצן אין דער פּאַרטיי אינעווייניק האָבן געפּאָדערט אַז אירע פירער זאָלן זיין מענטשן מיט אַ פעסטער האַנט און עלאַסטישן שכל. און דאָס איז געווען פאַר די פּ. פּ. ס. פּעליקס פּערל.

אַ קרישטאָל־ריינער מענטש, אַן אידעאַליסט פון העכסטער מדרגה. אַ טעאָרעטיקער מיט אַ גרויסער ערודיציע איז ער געשטאַנען אומאויפהערלעך אויף דער וואַך פון דער פּאַרטיי־טראַדיציע, האָט פּאַרטייזיקט אין געהיטן דעם דואַליזם פון דעם פּאַרטיי־פּראָגראַם און האָט נישט דערלאָזן, אַז איין טענדענץ זאָל חלילה איינשלינגען די צווייטע.

אין יאָר 1905, ווען די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט אַרויסגעוויזן פאַר אַלעמען איר גרויסן מאַסן־כוח און די גראַנדיעזע מעגלעכקייטן צו לעזן דורך פּראָלעטאַרישן קאַמף אויך

די נאַציאָנאַלע פראַגע פאַר די לענדער און פעלקער, וועלכע האָבן געשמאַכט אונטערן יאָך פון צאַריזם, האָט זיך אין דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אויסגעטיילט אַ שטאַרקער פליגל, די „לעוויצע", וועלכער האָט פאַרלאַנגט צו רעווידירן דעם אַלטן פּעפּעסישן פּראָגראַם און אַרויפירן די אַרבעט פון דער פּאַרטיי אויף ריין מאַרקסיסטישע פּראָלעטאַרישע וועגן. פעליקס פערל האָט זיך ענערגיש געשטעלט קעגן דער דאָזיקער ריכטונג. אין יאָר 1906 איז געקומען צו אַ פאָרמעלער שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי און פעליקס פערל איז פאַרבליבן דער פירער פון דער „רעוואָלוציאָנערער פראַקציע", וואָס האָט זיך געהאַלטן שטרענג ביי די אַלטע דואַליסטישע טראַדיציעס פון „ריינער פּ. פּ. ס."

אין די יאָרן 12—1911, ווען פּילסודסקים „מיליטערישע איהעע" האָט גענומען איבערהאַנט און די פּאַרטיי האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויפן וועג פון אויסבילדן ריין מיליטערישע לע־גיאָנען פאַר אַן אָרגאַניזירטן אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד, איז פעליקס פערל ווידער אַרויסגעטרעטן זייער שאַרף קעגן אַזאַ אָפּנייגונג פונם פּרינציפּיעלן „גלייכגעוויכט". ער איז אַריבער אין אָפּאָזיציע צו דער פּאַרטיי־מערהייט, האָט אַרויסגעגעבן זיין אייגענע „פּלאַצוווקע", וווּ ער האָט אַטאַקירט דעם פּע־פּעסישן צ. ק. מיט דער זעלביקער שאַרפקייט און פאַרביסנקייט, ווי ער האָט עס געטון לגבי דער „לעוויצע". פערל איז פאַר־בליבן דער „צענטריסט", דער היטער פון דער מיטל־ליניע, דער וועכטער פון דער טראַדיציע און „ריינקייט" פון דער פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע. און דאָס האָט אים געמאַכט פאַרן פירער און וועגווייזער פון דער פּאַרטיי־מאַסע.

* * *

פעליקס פערל האָט געשטאַמט פון יידן. און ווי אַלע יידישע סאָציאַליסטן פון יענער צייט, איז ער געווען אין יידישע פראַגן אַ קאָסמאָפּאָליט, אַן אַסימילאַטאָר. זיין אַסימילאַציע איז

געווען אן אקטיווע, א ציִלבאוווסטע. מען מוז אנשטרענגען אלע כוחות, כדי וואס פריער אויסצוראטן די רעשטלעך פון מיטל־אלטער, וואס זענען פארבליבן ביי יידן, און אזעלכע „רעשט־לעך" זענען געווען ביי אים די אלטע יידישע מלבושים, די יידי־שע פאות און דער יידישער „זשארגאן". דאס אלץ וועלן די יידישע מאסן פון זיך אוועקווארפן, ווען זיי וועלן ווערן סאָ־ציאליסטיש „אויפגעקלערט". און קוים וועלן זיי אראפווארפן פון זיך דעם יאך פון דער אלטער רעליגיע, איז שוין נישטא קיין אנדערע קולטור־ווערטן, וועלכע דארפן אויפגעהאלטן ווערן. די קולטור פון מיצקעוויטש און סלאוואצקי וועט אויפשיינען אויך פאר די יידישע מאסן, דאס פרייע פוילן וועט עפענען אויך פאר זיי זיינע פאלאצן און עס וועט פארשווינדן די יידן־פראגע אין פוילן, ווייל יידן וועלן פאליאקן ווערן, פאליאקן לויט זייער שפראך, אויסזען און קולטור.

אין דער דאזיקער אסימילאטארישער מיסיע האט ער גע־גלויבט מיט א גלויבן פון א פאנאטיקער. ער האט פארביסן און פארביטערט געקעמפט קעגן א זעלבסטשטענדיקע יידישע ארגאניזאציע, קעגן „בונד".

ער האט אין דעם געזען „סעפאראציע", „אפגעשטאנענ־קייט", „רוסיפיקאציע". ער האט נישט געקאנט באגרייפן דעם ווילן פון די יידישע ארבעטער אויפצוהאלטן די יידישע שפראך, דעם „זשארגאן".

די דאזיקע אסימילאציע־בליקן איז ער פארבליבן טריי ביז די לעצטע יארן. ער האט דעם „בונד", ווי ער דערציילט אליין אין זיינע זכרונות, נישט געקענט גובר זיין. פ. פ. ס. האט געמוזט אויפגעבן איר ארבעט צווישן די יידישע ארבעטער. אבער פערל האט נישט געקאנט הויזן מיטן געדאנק, אז עס עקזיסטירט פארט א יידישע ארבעטער־באוועגונג. און אויב ער האט זי נישט געקענט באקעמפן מיטן ווארט, האט ער זי געוואלט באקעמפן מיטן שווייגן, מיטן איגנארירן. אלס רע־

דאָקטאָר פון „ראַבאָטניק" פלעגט ער נישט דורכלאָזן קיין קאָ־רעספּאָנדענצן אָדער נאָטיצן, וועלכע זאָלן דערציילן פון לעבן און קאַמף פון די יידישע אַרבעטער, וועגן זייערע פאָדערונגען און צילן. פאַר פערלען, דעם אַסימילאַטאָר, האָט אַזאַ באַוועגונג נישט עקזיסטירט...

וואָלט פעליקס פערל געלעבט אין א דייטשלאַנד אָדער פראַנקרייך, וווּ עס זענען נישטאָ קיין גרויסע יידישע מאַסן מיט אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן לעבן, וואָלט ער געווים, ווי אַן עדואַרד בערנשטיין, ווי אַ לעאָן בלום, איבערגעלאָזט פאַר די „אָסט־יידן" די פרייהייט צו בויען פאַר זיך אַ „נאַציאָנאַלע היים" אין פּאַלעסטינע. ער וואָלט געוואָרן אַ ציוניסט (ציוניזם פאַר אַנדערע און אַסימילאַציע פאַר זיך — דאָס איז געוויינ־לעך דער גלאַטער וועג פון אַלע יידישע אַסימילאַטאָרן־סאָציאַ־ליסטן), אָבער פעליקס פערל האָט געלעבט אין פּוילן. פעליקס פערל האָט געזען פאַר זיך גרויסע יידישע מאַסן, וואָס מוזן צוליב זייער אייגענעם נוצן און צוליב פּוילנס טובה, אויפהערן צו עקזיסטירן אַלס אייגנאַרטיקע גרופּע, וואָס דאַרפן זיך אַריינגיסן אינם שטראָם פון פּוילישקייט, ווי ער פעליקס פערל און זיינע חברים האָבן עס געטון מיט 40 יאָר צוריק.

דערפון נעמט זיך זיין אַסימילאַטאָרישע אויסגעהאַלטנקייט, זיין פאַרביטערטע קעגנערשאַפט, סיי קעגן דער פּראָלעטאַריש־נאַציאָ־נאַלער באַוועגונג, סיי קעגן דעם קעמפנדיקן נאַציאָנאַליזם פון די ציוניסטן.

פעליקס פערל איז געווען אַ קלאַסישער פאָרשטייער פון אַ פּוילישן סאָציאַליסט פון די 90־ער יאָרן פון פאַריקן יאָר־הונדערט. פעליקס פערל איז געווען אַן אויסגעהאַלטענער קאָס־מאָפּאָליטישער טיפּ פון אַ יידישן סאָציאַליסט פון אַלטן דור.

דער לעצטער מאָהיקאַנער פון אַ פאַרגאַנגענער עפּאָכע.

„נ. פאָלקסצייטונג". 1927. נומ' 94.

# הערמאַן גרייליך

מיטן טויט פון הערמאַן גרייליך איז אַוועק פון אונז איינער אײַביקײט דער עלטסטער סאָציאַליסט, וואָס האָט אונז פאַרבונדן מיטן בראשית פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט דער עפּאָכע פון מאַרקס און ענגעלס, מיטן ערשטן אינטערנאַציאָנאַל.

הערמאַן גרייליך איז געשטאַנען בײַם וויגעלע פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס מיינט נישט צו זאָגן אַז ביז די 60־ער יאָרן, ווען גרייליך האָט אָנגעהויבן זײַן טעטיקייט, איז קיין סאָציאַליסטישע באַוועגונג נאָר אויף דער וועלט נישט געווען — דאָס נישט. סאָציאַליסטישע גרופּן און קרייזן זענען שוין געווען אַ סך פריער, אָבער ס׳איז נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע באַוועגונג פונם אַרבעטער־קלאַס. ס׳זענען נאָך נישט געווען קיין פּראָלעטאַרישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס, וואָלכע זאָלן פירן זייער טאָג־טעגלעכן קאַמף אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

ערשט אין די 60־ער יאָרן האָט מען אָנגעהויבן קרייזלעך און גרופּעס פון „באַוווסטזיניקע רעוואָלוציאָנערן", אָנגעהויבן צו שאַפן ברייטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. דאָס איז געווען די עפּאָכע פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, די צייט פון פיבערהאַפטער פּראָפּעסיאָנעלער און פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריאַט אַלס קלאַס, אַלס נייער ווירקנדיקער כוח אין

געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישן לעבן.

קליין זענען נאָך האַמאַלט געווען די מעגלעכקייטן פֿון פּראָלעטאַרישן דרוק, אומבאַדייטנדיק זענען געווען די פּאָלי־טישע כּוחות פֿון אַרבעטער־קלאַס. אָבער שוין פֿון די ערשטע טריט האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי ריכטיק עס איז דער נייער וועג, אויף וועלכן די סאָציאַליסטן זענען אַוועק. וואָס פֿאַר אַ גרויסן כּוח זיי האָבן הערוואָרבן דורך זייער באַרירונג מיט דער עיקר — מיט דער אַרבעטער־מאַסע.

צו יענער צייט איז גרייליך אַריינגעטרעטן אין דער אַר־בעטער־באַוועגונג.

אַליין אַ קינד פֿון פּראָלעטאַרישע עלטערן (געבוירן אין ברעסלוי אין יאָר 1842), האָט ער שוין פֿון זיינע יינגסטע יאָרן אָן געמוזט זיך באַשעפֿטיקן מיט פֿיזישער אַרבעט, כּדי אויסצוהאַלטן זיין אָרעמע פֿאַמיליע. ער ווערט אַ לערן־ייִנגל ביי אַן איינבינדער, וווּ ער מוז אָפּזיין גאַנצע 5 יאָר. נאָכדעם הויבן זיך אָן, לויט די האַמאָלסטיקע מנהגים, די וואַנדער־יאָרן פֿונם געזעל. אויף זיינע נסיעות באַקענט ער זיך מיט די פּאָליטישע אידעען פֿון יענער צייט און ווערט אַ מיטגליד פֿון אַ פּראָלעטאַרישן זעלבסטבילדונגס־פֿאַריין. אַלס דעלעגאַט פֿון אַזאַ פֿאַריין קומט ער אין יאָר 1865 קיין שטוטגאַרט אויף אַן אַרבעטער־קאָנגרעס. דאָרטן שליסט דער ייִנגער איינ־בינדער קאַנטשאַפֿט מיט אויגוסט בעבעל, אויך אַן אַרבעטער, וואָס האָט שוין צו יענער צייט אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינ־לעכע פֿעיקייטן פֿון אַ פּאָליטישן פֿירער.

גרייליך פֿאַרבלייבט נישט אין דייטשלאַנד. ער פֿאָרט אַי־בער אין דער שווייץ און וואַרפֿט זיך אַריין מיט לייב און זעל אין דער דאָרטיקער באַוועגונג. די קליינע שווייץ ווערט פֿאַר אים די צווייטע היים, וועלכער ער גיט אָפּ אַלע זיינע כּוחות.

ער ווערט דער „שווייצאַרישער בעבעל". אין יאָר 1867 ווערט גרייליך דער סעקרעטאַר פֿון דער שווייצאַרישער סעק־

ציע פונם אינטערנאציאנאל. ער איז אויך דער רעדאקטאר פון דער ערשטער סאציאליסטישער צייטונג אין דער שווייץ, וועלכע האט אנגעהויבן ארויסגיין צום סוף פון די 60־ער יארן. ער האט רעדאגירט די צייטונג ביזן יאר 1880.

אבער גרייליך באנוגנט זיך נישט בלויז מיט פארטיי־טעטיקייט. ער נעמט זיך פאר סאציאל־פאליטישע פארשונגען. ער איז דער ערשטער, וואס גיט זיך ערנסט אפ מיט ארבע־טער־סטאטיסטיק און ווערט אויף דעם געביט א פאכמאן. שפע־טער ווערט ער אפילו באשטימט אלס לייטער פון דער סטא־טיסטישער ביורא ביים ציריכער קאנטאן.

גרייליך גיט אפ אלע זיינע כוחות אויף צו פארייניקן די פראפעסיאנעלע באוועגונג אין דער שווייץ, צו מאכן דעם ארבעטער־קלאס פאר א שטארקן ארגאניזירטן כוח. ער ווערט אויך דער שעפער פון דעם ארבעטער־סעקרעטאריאט, וועלכער האט געשפילט אזא וויכטיקע ראל אין שווייצארישן ארבעטער־לעבן.

אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט ווערט ער געוויילט אין פארלאמענט, ווו ער איז פארבליבן דעפוטאט ביז דער לעצטער צייט.

זיין אומדערמידלעכע פראקטישע ארבעט שטערט אים נישט זיך אויך אפצוגעבן מיט טעארעטישער ארבעט. ער לאזט ארויס פארשידענע ווערק וועגן טעאריע פון סאציאליזם און דער עיקר מאטעריאלן איבער דער ארבעטער־לאגע. איין בראשור זיינע „די מאטעריאליסטישע אויפפאסונג פון דער געשיכטע" איז אויך איבערגעזעצט אויף יידיש.

גרייליך איז געווען א פראקטיקער. ער האט זיך אפגעגעבן הויפטזאכלעך מיט די א. ג. „קלייניקייטן" פון דער באוועגונג. ער איז אבער נישט „פארפראקטישט" געווארן. טיף אין אים האט געברענט דעך אייביקער פייער פון א נביא, פון אן אפאסטאל פון א נייער וועלט. די 60 יאר, וואס ער איז אומ־

אויפֿהערלעך געשטאַנען טריי אויף דעם פּאָסטן פֿון דער אַר־בעטער־זאַך, זענען דער בעסטער באַווייז, ווי אָרגאַניש ער איז געווען פֿאַרבונדן מיטן סאָציאַליסטישן אידעאַל.

פּערזענלעכקייטן, ווי אויגוסט בעבעל און הערמאַן גריי־ליך, וועלכע שטאַמען פֿון די טיפֿענישן פֿון פּראָלעטאַריאַט, קענען דינען פֿאַר אַלע אַרבעטער אַלס מוסטער, צו וואָס פֿאַר אַ הויך פֿון אינטעליגענץ און פּאָליטישער פֿירערשאַפֿט קאָנען זיך דערהויבן געוויינלעכע טאָקערס און איינבינדער, ביי אַ גרויסער אָנשטרענגונג און שטאַרקן ווילן. אַלס פּראָלעטאַריער וועלן זיי שטענדיק זיין חער שטאָלץ און די בענקשאַפֿט פֿונם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס.

„א. פֿאָלקסצייטונג". 1925. נומ' 262.



# עדואַרד בערנשטיין

**(צו זיין 75־יאָריקן געבורטסטאָג)**

זעלטן ווען אַ סאָציאַליסטישן שרייבער און טוער קומט אויס צו פראַוועז אַזאַ יובילעום, ווי ס׳האָט דאָ נישט לאַנג געפייערט דער סאָציאַליסטישער טעאָרעטיקער און פּאָליטיקער עדואַרד בערנשטיין.

ער איז פון די איינציקע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן דער־לעבט צו אַזאַ אריכת ימים. אריינטרעטנדיק אין 76־טן יאָר פון זיין לעבן, פילט זיך נאָך דער יובילאַר פיזיש און גייסטיק געזונט און מונטער און זיין אַרבעטס־פעיקייט איז ביי אַזאַ עלטער נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

און עדואַרד בערנשטיין איז נישט קיין קאַבינעט־מענטש. ער האָט נישט געפירט אַ רואיק, שטיל לעבן ערגעץ ביי זיך אויף אַ געמיטלעכן פּראָפעסאָרישן פּאָסטעל.

דער סאָציאַליסטן־געזעץ פון 1879, וואָס האָט געשטעלט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אויסערן געזעץ, האָט אויך דעם יונגן בערנשטיין פאַרטריבן פון דייטשלאַנד און ער האָט געמוזט אָפּריכטן אַ גלות־לעבן פון אַן עמיגראַנט צענטליקע־יאָרן.

ער האָט זיך באַזעצט אין ציריך און איז געוואָרן דע־רעדאַקטאָר פון אָפיציעלן אָרגאַן פון דער דייטשער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי — „דער סאָציאַל־דעמאָקראַט", וועלכן מען פלעגט

אריבערשמוגלען אומלעגאַל קיין דייטשלאַנד. אין יאָר 1888 האָט ער געמוזט פאַרלאָזן אויך די שווייץ און זיך אריבערפּעקלען קיין לאָנדאָן. דאָ ווערט ער נאָענט באַפריינדעט מיט פריד־ריך ענגעלס, וועלכער האָט אים איבערגעגעבן די השגחה איבער זיינע און מארקס׳ כתבים.

דאָרטן האָט ער אויך, לויטן אויפטראָג פון דער דייטשער פּאַרטיי, רעדאַגירט אַלע ווערק פון פערדינאַנד לאַסאַל און האָט געשריבן צו זיי אַן אויסגעצייכנטע ביאָגראַפיע פונם פלאַמען־דיקן סאָציאַליסטישן אַגיטאַטאָר.

נאָכדעם, ווי די אויסנאַם־געזעצן קעגן די סאָציאַליסטן זענען אין דייטשלאַנד אָפּגעשאַפט געוואָרן (1890), האָט בערנשטיין אויך נישט געקאָנט זיך צוריקקערן קיין דייטשלאַנד, ווייל ער האָט געהאַט אויף זיך אַ פּראָצעס פאַר מאַיעסטעט־באַלייזיקונג. און ערשט אין יאָר 1901 איז אים מעגלעך געוואָרן צוריק אריינקומען קיין דייטשלאַנד.

בערנשטיין האָט אָנגעשריבן אייניקע וויסנשאַפטלעכע ווערק (וועגן דער ענגלישער רעוואָלוציע, וועגן דער געשיכטע פון דער ארבעטער־באַוועגונג אין בערלין, לעצטנס וועגן דער דייטשער רעוואָלוציע). אָבער נישט דאָס האָט געמאַכט בערנשטיינען באַקאַנט און פּאָפּולער אויף דער גאַנצער וועלט.

באַרימט האָט ער זיך געמאַכט מיט זיין פּלוצלונגען קער פון אָרטאָדאָקסאַלן מאַרקסיזם צום אַזוי גערופענעם „רעוויזיאָניזם", צו אַ טעאָרעטישער רעוויזיע פון אייניקע גרונט־פּרינציפּן פון דער מאַרקסיסטישער לערע, — פּרינציפּן פון גרונט־יסודות, וועלכע זענען ביז איצט אָנערקענט געווען דורך אַלע סאָציאַליסטן־מאַרקסיסטן.

בערנשטיין האָט קודם־כל געלייקנט אין אומפאַרמיידלעכקייט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אַלס פאַרבאַדינג צום סאָציאַליזם. ער האָט מודה געווען, אַז אין דער געשיכטע קומט פאָר דער קלאַסן־קאַמף אַלס סטיכישער אויסדרוק פון די גע-

זעלשאפטלעכע היפוכים, אָבער דער דאָזיקער קאמף צווישן קלאסן מיינט בערנשטיין, ווערט נישט אַלץ מער פארשארפט, זוי מארקס האָט געלערנט, נאָר גראָד קאַפויער, ער ווערט אַלץ מער אָפּגעשטומפּט מיט דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט. די געזעלשאפטלעכע קאָנפליקטן ווערן אַלץ אָפּגערוקט דורך די האַרמאָנישע מאָמענטן, וואָס צייכענען זיך אָן צווישן די פארשידענע קלאסן אין דער הייגטיקער מענטשהייט.

דעריבער, האָט בערנשטיין געטענהט, מוז גאָרנישט די געזעלשאפטלעכע אַנטוויקלונג דערפירן צו אַ רעוואָלוציאָנערן צוזאמענברוך פון דער הייגטיקער אָרדענונג, נאָר זי קאָן פרידלעך, אויף אַ עוואָלוציאָנערן אופן איבערגיין אין אַ סאָציאַליסטישע, זי קאָן ביסלעכווייז, מיטן הסכם פון אַלע קלאסן, סאָציאַליזירן פארשידענע געביטן פון דער פּראָדוקציע און אַזוי אַרום גרונטזעצלעך ענדערן אירע גרונד־יסודות.

בערנשטיין האָט אויך אָפּגעלייקנט די אַזוי־גערופענע „פארלענדונגס־טעאָריע”, דעם כלל, אַז די אַרבעטער־מאסן ווערן אַלץ מער אָרעמער אין דער קאפיטאַליסטישער געזעלשאפט. אין דעם פאקט, וואָס די אַרבעטער האָט זיך איינגעגעבן צו העכערן זייערע לוינען און בכלל אויסצובעסערן זייער לאַגע, דערשלאָגן זיך סאָציאַלע און פּאָליטישע רעפאָרמען, האָט בערנשטיין געזען אַ באַווייז פון אַ פרידלעכן און סאָציאַלן פּראָגרעס און אין נאָמען פון דעם דאָזיקן פּראָגרעס האָט בערנשטיין גערופן דעם פּראָלעטאַריאַט צו שליסן קאָאַליציעס מיט דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, מיט די מיטעלע און קליינבירגערלעכע שיכטן פון דער הייגטיקער געזעלשאפט.

ער אַליין האָט אויך פאָרמולירט זיין „טעאָריע”: „ס'איז שוין צייט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זאָל זיך באַפרייען פון דער פראַזע און זי זאָל אָפּן אַרויסטרעטן אַלס אַזאַ פארטיי,

וועלכע זי איז שוין אין עצם איצט אויך, — אַלס א דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון רעפאָרמען".

רעפאָרמיזם — דאָס איז דער תוך פון בערנשטיינס „רעוויזיע" און מאַרקס־קריטיק. ער אַליין שרייבט, אַז דער פּאַסיקסטער אויסדרוק פאַר זיין שיטה איז נישט „רעוויזיאָניזם", נאָר „רעפאָרמיזם", ד. ה. די שיטה, וועלכע פאַריאָגט פון סאָציאַליזם זיין רעוואָלוציאָנערע נשמה, פאַרלייקנט זיין גרויסן ענדע־ציל און באַנוגנט זיך בלויז מיט דער קליינלעכער, טאָג־טעגלעכער, דעמאָקראַטיש־רעפאָרמיסטישער אַרבעט. בערנשטיין האָט זיך טאַקע אַמאָל אַזוי אויסגעדריקט: די פּראַקטישע באַוועגונג — דאָס איז אַלץ, דער ענדע־ציל, דאָס איז גאָרנישט.

צו יענער צייט האָט אַזאַ מין „רעוויזיע" פון די גרונט־עיקרים פונם סאָציאַליזם אַרויסגערופן קעגן זיך די אָנגעזעענסטע פירער און טעאָרעטיקער פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. קאַוטסקי און פּלעכאַנאָוו, בעבעל און ראָזע לוקסעמבורג האָבן אַרויסגעלאָזן א גאַנצע רייע פּאָלעמישע ווערק קעגן אַזאַ פאַרפלאַכונג פונם מאַרקסיזם, קעגן דער פּראָבע אים פרידלעך צוצופּאַסן צו די היינטיקע קאַפּיטאַליסטישע אומשטענדן.

קאַוטסקי און די אַנדערע האָבן אויך וויסנשאַפטלעך צעקלאַפּט אַלע טעאָרעטישע חקירות פונם מאַרקסיסטישן קריטיקער און האָבן דערוויזן מיט פאַקטן און ציפערן די ריכטיקייט פון די מאַרקסיסטישע כללים, וועלכע בערנשטיין האָט געוואָלט פאַרלייקענען.

ביז דער וועלט־מלחמה האָט דער רעוויזיאָניזם — לכל־הפחות אָפיציעל — אַלס טעאָרעטישע שיטה נישט געשפּילט קיין באַדייטנדיקע ראָלע, נישט אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, נישט ביי אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

איצט מיטן אָנפאַנג פון דער פּראַקטיק פון „פאַטערלאַנד־פאַרטיידיקונג" און „בורג־פרידן" האָט די מערהייט פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע טעאָרעטיש און פּראַקטיש זיך

געשטעלט אויף דער זייט פונם „רעפארמיזם“.

אמת, דער דאזיקער שארפער קער צו „רעפארמען“ אפילו בשותפות מיט ווילהעלמס מיניסטארן, האבן לכתחילה איבערגעשראקן דעם „עוואלוציאניסט“ בערנשטיינען, דעם אייגענעם טאטער פון דער רעוויזיאניסטישער טעאריע און ער איז אוועק פון דער דאזיקער מערהייט צוזאמען מיט קאוטסקין צו די „אומאפהענגיקע“. אבער נאך דער מלחמה און רעוואלוציע איז בערנשטיין צוריק אריינגעטרעטן אין דער סאצ. דעמ. פארטיי און זיין „טעאריע“ פון „רעפארמירן“ און „קאאליציעס“ ווערט איצט פאקטיש דורכגעפירט אין לעבן, נישט נאר דורך די דייטשע סאציאל־דעמאקראטן, נאר דורך דער מערהייט פארטייען, וואס זענען אנגעשלאסן אין לאנדאנער אינטערנאציאנאל.

נישט דערפאר, ווייל זיינע כללים האבן זיך ארויסגעוויזן פאר ריכטיק. גראד קאפויער. דווקא די מלחמה האט דערפירט די קלאסן־קעגנזאצן ביז דעם העכסטן גראד. דווקא זי האט נאך אריינגעטריבן אין א גרעסערן עלנט די ארבעטנדיקע מאסן און האט רואינירט און פראלעטאריזירט די קליינבירגערלעכע שיכטן פון דער געזעלשאפט. גראד זי האט געמאכט אקטועל די מאכט־פראגע פארן פראלעטאריאט און שארף פאר אים אנגעצייכנט די אויפגאבע פון א ראדיקאלער ענדערונג פון די ווירטשאפטס־פארהעלטענישן.

אויב דער רעוויזיאניזם האט איצט אזא דערפאלג אין פארשידענע לענדער, איז עס נאר בלויז דערפאר, וואס די גרויסע מאסן און זייערע פירער האבן נאך נישט אויסגעלעבט זייערע אילוזיעס פון „בורגפרידן“ און מעגלעכער „קלאסן־הארמאניע“ אין דער אייגענער נאציע גופא. דאס איז בלויז דערפאר, וואס דער נאך־מלחמה־פעריאד האט נאך געלאזן נישט געלייזט א סך אינטערנאציאנאלע פראבלעמען און קאנפליקטן, וועלכע שטויסן כטיביש די „פראקטישע“ סאציאליסטישע פאליטיקער אין די ארעמס פון זייערע בורזשואזע קלאסן, כדי בשותפות, אין סא

לידאַרער אָנשטרענגונג, צו פאַרהיטן די אייגענע „מלוכה־אינטערעסן". דאָס איז נאָך אַלץ דער נאָכשפּיל פון דער מלחמה־פּאַניק, וואָס האָט פאַרכאַפּט געוויסע פּראָלעטאַרישע מאַסן און זיי געטריבן צו זוכן פּשרות מיט זייערע קלאַסן־שונאים.

מיר זענען לחלוטין נישט מסכים מיט דער רעוויזיאָניסטישער שיטה פון עדואַרד בערנשטיין. מיר באַקעמפן אַמשאַרפסטן זיינע „טעאָרעטישע" אויספירונגען. דאָס שטערט אונז אָבער נישט הויך צו שאַצן די אידעאַלע פערזאָן פונם סאָציאַליסטישן געלערנטן און טוער, וואָס האָט זיין גאַנץ באַוווסטזיניק לעבן אָפּגעגעבן דער סאָציאַליסטישער טעאָריע, דער סאָציאַליסטישער אַרבעט, דעם פּראָלעטאַריאַט.

קאַרל קאַוטסקי, זיין פריערדיקער קעגנער און לייִדנשאַפטלעכער פּאָלעמיסט, האָט געווונטשן דעם יוביליאַר, ער זאָל נאָך דערלעבן די צייט, ווען די פּאָליטישע מאַכט אין דייטשלאַנד זאָל זיך געפינען אין די הענט פון איין סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. און מיר וואָלטן נאָך צוגעגעבן צו דער ברכה — אַז די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי זאָל דאַמאָלט געפירט ווערן אין גייסט פון דער לערע, ווי ס'האָבן זי פאָרמולירט אונזערע פירער מאַרקס און ענגעלס — אין גייסט פון מאַרקסיזם און פּראָלעטאַרישן סאָציאַליזם.

„פאָלקסצייטונג", 16 יאַנואַר 1925. נומ' 14.

# פּאַוועל אַקסעלראָד

## (צו זיין 75־טן געבורטסטאָג)

### .1

פּאַוועל באָריסאָוויטש אַקסעלראָד געהער צו די געציילטע לעבן־פאַרבליבענע רוסישע סאָציאַליסטן פון דער העראָישער עפּאָכע פון די 70־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. פון יענער ראָמאַנטישער עפּאָכע, ווען אַ הייפל רוסישע אינטעליגענטן און אַרבעטער האָבן צום ערשטן מאָל אַרויסגעוואָרפן אין פאַרשקלאַפטן רוסלאַנד, אין רוסלאַנד פון דעספּאָטיזם און אומבאַשרענקטער זעלבסטהערשאַפט, די פאָן פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, די לאָזונגען פון סאָציאַלער גלייכהייט און מענטשן־פאַרברידערונג, פון יענער העראָישער עפּאָכע, ווען אַ קליינע אומבאַדייטנדיקע גרופּע רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטן האָבן זיך געוואָרפן אין אומגלייכן קאַמף קעגן דעם מעכטיקן צאַר מיט זיינע מחנות זשאַנדאַרמען און האָבן געמאַכט אויפציטערן די גאַנצע ריזיקע רוסישע מלוכה.

פּאַוועל אַקסעלראָד געהער צו די ערשטע און געציילטע פון יענעם דור, וועלכע האָבן פאַרבונדן מיט דער ווירטשאַפט־לעכער אַנטוויקלונג פון דעם פּריצישפוייערישן רוסלאַנד, מיט זיין איבערגאַנג צו קאַפּיטאַליסטישהאַיראָפּעישע פאָרמען די האָפענונגען און פּערספּעקטיוון פון סאָציאַליסטישן באַפרייונגס־קאַמף; וועלכע האָבן הינטער די אומגעציילטע גרויע פּויערים דערזען דעם אינדוסטריעלן פאַבריקפּראָלעטאַריער מיט זיין היס־

טאָרישער מיסיע; וועלכע האָבן אָנשטאָט דעם איינציקן, העלד־רעוואָלוציאָנער אַרויסגערוקט די העלדישע רעוואָלוציאָנערע מאַסן און האָבן געשאַפן די די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

דערציילן וועגן לעבן און קאַמף פון פּאַוועל אַקסעלראָד, הייסט דערציילן וועגן גאַנצע 50 יאָר ריזיקן געראַנגל און העראָישע שלאַכטן, וואָס די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט דורכגעמאַכט. ווייל ס'איז נישטאָ קיין איין באַדייטנדיקער אַקט אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד פון די 70־ער יאָרן אָן, וועלכע זאָל נישט זיין דירעקט אָדער אומדירעקט פאַרבונדן מיט אַקסעלראָדן.

דערציילן וועגן דער באַדייטונג פון אַקסעלראָדן פאַר דער רוסלענדער אַרבעטער־באַוועגונג, הייסט שרייבן די געשיכטע פון דער דאָזיקער באַוועגונג פון ערשטן טאָג אָן, ווייל אַקסעלראָד איז פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט אַלע וויכטיקע דערשיינונגען פון דער דאָזיקער באַוועגונג.

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצן אַרטיקל נישט מעגלעך צו טון.

אין היינטיקן אַרטיקל ווילן מיר בלויז אָנווייזן אויף די הויפּט־מאָמענטן און די וויכטיקסטע פעריאָדן אין לעבן פון דעם אַלטן סאָציאַליסט און אַרבעטער־טוער.

* * *

פּאַוועל אַקסעלראָד האָט זיך דערהויבן פון די טיפענישן פון דער יידישער אָרעמקייט. זיין פאָטער איז געווען אַן אָרעמער אַרענדאַר, וועלכן מען האָט פאַריאָגט פון דאָרף, דערנאָך אַ שווארצער אַרבעטער אין שקלאָוו (מאָהיליוווער גובערניע), אַן אַרבעטסלאָזער, וואָס האָט געטון כל עבודת פרך ביי פרעמדע מענטשן. פון גרויס דלות האָט די פאַמיליע אַקסעלראָד זיך באַזעצט אין קהלשן מושב זקנים, און דער קליינער פּסח פלעגט גיין פּוצן שטיוול ביי די באַלעבאַטים פון שטעטל. ס'איז געווען

צייטן, ווען ער פלעגט מיט פראפעסיאנעלע בעטלער ארומגיין איבער די הייזער נאך נדבות.

דעם 10־יאריקן פאוועל האט אבער אפגעגליקט. די רוסישע רעגירונג האט דאמאלט געעפנט שולן פאר די יידישע קינדער. די פארמעגלעכע, שיינע באלעבאטים האבן נישט געוואלט שיקן זייערע קינדער אין די „שקאלעס" זיי זאלן דארט קיין גויים נישט ווערן, אזוי אבער ווי דאס איז געווען א שטרענגע גזירה, איז קהל געפאלן אויף דער זעלביקער המצאה, ווי בנוגע צו דער „זעלנער־גזירה": כאפן ארעמע קינדער און זיי אפגעבן אלס קרבן פאר די רייכע, פאר די באלעבאטישע קינדער.

דעם קליינעם אקסעלראד האט מען גארנישט געדארפט מיט געוואלט כאפן. זיין פאטער איז ערגעץ פארפאלן געווארן אין דער פרעמד און זיין ארעמע מוטער האט אים נישט געקאנט אויסהאלטן און דא האט קהל צוגעזאגט אים צו באקליידן, באשיכן און געבן „טעג" צו עסן, יעדן טאג ביי אן אנדער באלעבאס. מיט געזיפצן און געוויין איז די מוטער איינגעגאנגען דערויף, אז איר זון, וועלכער האט סיי ווי סיי נישט געלערנט אין קיין חדר, זאל „אפגעגעבן" ווערן אין א גויעשער שקאלע.

אקסעלראד האט ביים לערנען אין דער רוסישער שול ארויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן און די עטלעכע שקלאווער משכילים האבן אים געהאלפן אוועקצופארן, מיט דער דערלויבעניש פון שקלאווער קהל, קיין מאהילעוו און אריינגעטרעטן אין דער דארטיקער גימנאזיע. אקסעלראד האט געגעבן לעקציעס אין אייניקע גבירישע הייזער און האט דערפון פארדינט זיין חיונה.

אבער אזוי ווי צו יענער צייט, אין די 60־ער יארן, איז די „היימלישע השכלה" אריינגעדרונגען אויך אין מאהילעוו און פיל יידישע בחורים און מיידלעך זענען געווארן געכאפט אין דער מעשה, האט מען אין שטאט אנגעהויבן צו מורמלען אויף אקסעלראדן, אז ער פירט אראפ פון וועג די יידישע קינדער,

אַז ער איז דער הויפּט־שולדיקער אין דער גאַנצער אַפּיקורסות צווישן דער יוגנט. אָבער אַזוי ווי ער האָט געלערנט אין גימ־נאַזיע און מען האָט אים גאָרנישט געקאָנט טון, האָט מען באַשלאָסן, אַז קיינער טאָר אים נישט נעמען אויף קיין לעק־ציעס און אַז מען טאָר אים נישט אין אַ יידישער שטוב אריינ־לאָזן.

אַקסעלראָד האָט פאַרלוירן יעדע מעגלעכקייט צו פאַר־בלייבן אין מאָהילעוו און ער האָט זיך אוועקגעלאָזן צו זיינעם אַ באַקאַנטן קריסטלעכן שילער קיין ניעזשין. אָבער ווי נאָר אין שקלאָוו האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אַקסעלראָד איז ארויס פון גימנאַזיע, איז גלייך אוועק אַ פּאַפּיר פון שקלאָווער קהל, אַז מען זאָל אים נעמען פאַר אַ זעלנער. ער האָט לאַנג געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן און אַרומוואַנדערן, ביז וואַנען אים האָט זיך איינגעגעבן צוריקצוקומען קיין מאָהילעוו אָפּצוגעבן עקזאַמען און אריינצוטרעטן אין 6־טן קלאַס גימנאַזיע.

פון דאַמאָלט אָן הויבט זיך אָן די פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט פון דעם יינגן גימנאַזיסט אַקסעלראָד. ער איז נאָך קיין רעוואָ־לוציאָנער צו יענער צייט נישט געווען. ער האָט זיך בלויז גע־שטעלט פאַר אַ צוועק, ווי ער אַליין דערציילט, צו „אייראָ־פּעיזירן” די יידן, צוציען זיי צו בילדונג און ציוויליזאַציע.

דאָס איז געווען זיין ערשטע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט. ער האָט זיך גענומען פאַר איר מיט היץ און ברען, ער האָט אוועקגעשטעלט קרייזלעך, געלייענט לעקציעס, געגרינדעט ביב־ליאָטעקן. ער האָט זיך ארייגעמישט אין קאַמף צווישן די תקיפים און המון, האָט אָנגעהויבן שרייבן קאָרעספּאָנדענצן אין אָרטיקע רוסישע צייטונגען. פּני האָט געהאַט פון אים פיל אויסצושטיין, זיי האָבן אָבער שוין גאָרנישט געקאָנט טון. ער האָט שוין צו שטאַרקע פאַרבינדונגען אין דער רוסישער וועלט און ער האָט געהאַלטן ביים ענדיקן די גימנאַזיע אַלס ערשטער שילער.



צו די, וועלכע אקסעלראד האט פראפאגאנדירט צו יענער צייט, האט אויך געהערט דער באקאנטער יידישער רעוואלוציאנער לייזער צוקערמאן (געארבעט שפעטער אין א געהיימער דרוקעריי פון „נאראדנאיא וואליא", פארשיקט אויף קאטארגע און דארטן זיך גענומען דאס לעבן).

אקסעלראד איז צו יענער צייט ביז דעם יאר 1870 נישט געווען קיין רעוואלוציאנער. ער האט געגלויבט, אז די רוסישע רעגירונג אליין איז פאראינטערעסירט, אז יידן זאלן זיך בילדן, ווערן ציוויליזירט און זיין מיט מענטשן צוגלייך. ווי אלע משכילים פון יענער צייט, האט ער געגלויבט אין די רעפארמען פון אלעקסאנדער דעם 2־טן און ווען ער האט געהערט, אז א געוויסער קאראקאזאוו האט געשאסן אין ליבעראלן קייזער, האט דאס אים שטארק אויפגעבראכט. ער איז אוועק אין שול און האט צוזאמען מיט אלע יידן געדאנקט גאט פאר דעם, וואס ער האט מציל געווען דעם קייזער פון אומגליק.

אבער אט פאלט צו אים אריין צופעליק לאסאלס טאגבוך און מאכט אן איבערקערעניש אין זיין גאנצער וועלט־אנשויאונג. ווי ער אליין דערציילט, האט ער דאמאלסט דאס ווארט „פראלעטאריער" נישט באגריפן אין דעם ריכטיקן זין. ער האט פשוט אונטער דעם פארשטאנען אלע ארעמע, אומפארמעגלעכע, די פאלקס־מענטשן, וועלכע ליידן פון גבירים.

אויף אים האט נאך באזונדער געמאכט א גרויסן רושם דאס, וואס לאסאל אליין איז געווען א ייד. און דער דאזיקער גערודפטער און פארפאלגטער „יידישער אונטערטאן" איז אזוי מוטיק, אזוי דרייסט ארויסגעטרעטן קעגן פראקוראר.

„לגבי דער הערלעכער פערספעקטיוו — דערציילט אקסעלראד — איינצופירן אויף דער וועלט דורך די ארעמסטע און אונטערדריקטסטע מאסן גלייכהייט און ברידערלעכקייט, האט שוין פאר מיר בלאס און קליינלעך אויסגעזען די יידן־פראגע. מיט א באפרידיקונג פון פערטן שטאנד (די ארעמע)

האָב איך זיך געזאָגט: וועט דאָך פון זיך אַליין געלעזט ווערן די יידן־פראַגע. און איך האָב באַשלאָסן אָפּצוגעבן אַלע מיינע כוחות דער אַרבעט צו באַפרייען אַלע אָרעמע און גערדריקטע פון רוסלאַנד".

און דעם דאָזיקן באַשלוס האָט אַקסעלראָד בשלמות אַדורכגעפירט אין לעבן.

אונטער דער גוואַלטיקער השפעה פון לאַסאַלס אַגיטאַציע־ביכער, האָט אַקסעלראָד באַשלאָסן צו גרינדן אויך אין רוסלאַנד אַ געהיימע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע. און ער האָט אָנגעהויבן צו זוכן פאַר זיין פּלאַן חברים און מיטהעלפער, זוכן מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין טעמפּעראַמענט. ער פּראָפּאַגאַנדירט צווישן זיינע באַקאַנטע סטודענטן, לייענט רעפעראַטן און שרייבט לאַנגע בריוו־אַרטיקלען, וואָס ווערן פאַנאַנדערגעשיקט אין פאַרשידענע ערטער. ער פאָרט קיין קיעוו, קיין אָדעס, פירט דיסקוסיעס, ווערבירט מיטגלידער פאַר זיינע געהיימע קרייזלעך.

אָבער וואָס זאָלן טון די רעוואָלוציאָנערע סטודענטן? ווי אַזוי זאָלן זיי צוקומען צום „פערטן שטאַנד" און דעם פינסטערן, פאַרשלאָגענעם, פאַרשקלאַפטן רוסלאַנד? און אַקסעלראָד קומט צום באַשלוס, אַז מען מוז זיך פאַרבינדן מיט די מאַסן דורך אַ נעץ פון בילדונגס־קרייזן. מען וועט דאָרט לערנען לייענען און שרייבן און נאָכדעם איבערגיין צו רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע.

ער אַליין האָט אויף אַ גאַנץ אָריגינעלן אופן אָנגעהויבן אין יאָר 1872 זיין פּראַקטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן „פאָלק". ער האָט דאַמאָלט געוווינט אין קיעוו ביי דעם העברעישן פּאָעט ד"ר קאַמינער (זיין צוקונפטיקער שווער. אַקסעלראָד האָט חתונה געהאַט מיט קאַמינערס טאָכטער נאַדעזשדאַ). אויפן הויף ביי קאַמינערן האָבן געאַרבעט טשעסלאַרעס. אַקסעלראָד האָט פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט איינעם פון זיי און אָן מחזקות געפרעגט ביי אים, צי ער וויל זיך אויסלערנען לייענען. יענער

האָט מסכּים געווען און אַקסעלראָד האָט אָנגעהויבן צו קומען צו די דאָזיקע אַרבעטער אָהיים, פּלעגט מיט זיי פירן געשפּרעכן אויף אומשולדיקע טעמעס און ביסלעכווייז, בהדרגה, איבערגיין אויך צו סאָציאַליסטישער, רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע. אַקסעלראָד פלעגט אין גאַס אויך אָפּשטעלן אַרבעטער, שליסן מיט זיי קאָנטשאַפּט און זיי פּראָפּאַגאַנדירן.

אין יאָר 1874 האָט זיך ביי אַקסעלראָדן און זיינע חברים ענדגילטיק אויסגעאַרבעט זייער רעוואָלוציאָנערע אָנשויונג, זיי האָבן שוין געהאַט פאַר זיך אַ באַשטימטן אַרבעטס־פּראָגראַם.

דאָס איז געווען די אָנשויונג פון מיכאיל באַקונין, די טאַקטיק פון אָרגאַניזירטע בונטן אין ברייטן מאַסשטאַב. די גאַנצע פויערים־מאַסע, האָט באַקונין געלערנט, איז סאָציאַליסטיש רעוואָלוציאָנער לויט איר אינסטינקט. דער בולטסטער אויסדרוק פון רעוואָלוציאָנערן פאָלקס־חוש זענען די רויבער און פאַרברעכער, וואָס ווילן זיך נישט אונטערוואַרפן די איינגעשטעלטע געזעצן פון די פּריווילעגירטע קלאַסן. די באַוווסטזיניקע רעוואָלוציאָנערן דאַרפן דעריבער גיין טיף אין די מאַסן, אויסנוצן די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, אָרגאַניזירן בונטן, אונטערהאַלטן סטיכיישע אויפשטאַנדן, פאַרבונדן זיך מיט אַלע צעשטערנדיקע עלעמענטן, קרימינעלע פאַרברעכער, רויבער און בכלל אומצופרידענע, און אַזוי אַרום אָרגאַניזירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג דער אַזוי גערופענער פעריאָד פון „גיין אין פאָלק". הונדערטער סטודענטן און סטודענטינס האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זייערע פריצישע שטאָטישע מלבושים, האָבן זיך אָנגעטון אין סערמיעגעס, אין פויערישע בגדים, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין דאָרף, כּדי דאָרטן רופן און אָרגאַניזירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

יעדער פון די רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענטן האָט זיך גע־

נומען פאר פיזישע ארבעט און אויך אקסעלראד האט זיך אויסגעלערנט סטאָלעריי. די ארבעט האט זיך פארצווייגט, עס איז נויטיק געווען א טעאָרעטישער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַן, און אקסעלראד באשליסט אוועקצושטעלן א געהיימע דרוקעריי ביי זיין שוועגער אין א גוט, וואס יענער האט געקויפט...

אין דער זעלביקער צייט פארט ער אוועק זוכן פארבינדונגען מיט א בארימטן רויבער־באנדיט, וואס האט דאמאלט טעראָריזירט די פריצישע גיטער. אקסעלראד און זיינע חברים מיינען, אז דער דאָזיקער באנדיט וועט זיי צונוץ קומען פאר דער רעוואָלוציע.

אָבער אזוי ווי די גאנצע ארבעט איז געפירט געוואָרן זייער נישט פארזיכטיק, כמעט האלב אָפן, נישט איבערגעקליבן קיין מענטשן, איז די גאנצע אָרגאניזאציע גיך אויפגעדעקט געוואָרן דורך די זשאנדארמען. אייניקע פון די „פראָפּאגאנדיר־טע" קרימינעלע האבן ארויסגעגעבן אלץ, וואס זיי האבן גע־וווּסט, ס'האבן זיך אין גאנץ רוסלאנד אָנגעהויבן מאסן ארעסטן. די זשאנדארמען האבן געהאט א לייכטן און א רייכן שניט, די טורמעס זענען געוואָרן איבערפולט מיט רעוואָלוציאָנערן. פאר־שטייט זיך, אז אויך אקסעלראדס נאָמען איז געווען גוט באַ־קאנט די זשאנדארמען. אים האט אָבער אָפּגעגליקט צו אַנט־לויפן קיין אויסלאנד און קומען בשלום קיין בערלין.

דאָ האט אקסעלראד צום ערשטן מאָל געזען מיט זיינע אויגן די דייטשע ארבעטער־פארזאמלונגען, וועגן וועלכע ער האט געלייענט מיט אזא התפעלות ביי לאסאלן. און הגם ער איז דאמאָלט נאָך געווען א גלויביקער באקוניסט, האבן אויף אים די קולטורעלע דייטשע ארבעטער, זייער מאסן־אָרגאניזאציע, זייער פלאנמעסיקע פאָליטיק, געמאכט א גרויסן רושם און האָבן געוויס געהאט א גרויסע השפעה אויף זיין ווייטערדיקע סאָציאליסטישע עוואָלוציע. דאָרט האט ער זיך אויך גרינדלעך

באַקענט מיט דער גאַנצער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור פון יענער צייט.

פון בערלין איז אַקסעלראָד געפאָרן קיין זשענעוו, ווו ער איז געוואָרן דער צענטער פון דער דאָרטיקער רעוואָלוציאָנערער עמיגראַציע. אַקסעלראָד ווערט באַקאַנט אין דער רעוואָלוציאָנערער וועלט אַלס טעאָרעטיקער־פובליציסט, ווערט רעדאַקטאָר פון אַן עמיגראַנטישן אָרגאַן „אָבשטשינאַ", און שרייבט אויך אונטער אַ פסעוודאָנים וועגן דער אייראָפּעישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לעגאַלע רוסישע זשורנאַלן.

נאָכדעם, ווי די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע „זעמליאַ אי וואָליאַ" שפּאַלט זיך (אין יאָר 1879) צוליב די חלוקי־דעות וועגן טעראָר, בלייבט אַקסעלראָד, צוזאַמען מיט פּלעכאַנאָוון (וועמען ער האָט אַגב־אורחא אַלס סטודענט אריינגעצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג), טריי די פּרינציפּן פון מאַסן־אַרבעט און סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, ביי וועלכע עס האָט זיך געהאַלטן דער אָרטאָדאָקסישער פליגל פון „זעמליאַ אי וואָליאַ"—„טשאָרני פּערעדעל". פּלעכאַנאָוו און אַקסעלראָד זענען אַרויסגעטרעטן קעגן דער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" מיט דער טענה, אַז אָפּגעבנדיק זיך מיט טעראָר וועלן די רעוואָלוציאָנערן זיך אָפּרייסן אין גאַנצן פון די מאַסן, וועלן זיך פאַרוואַנדלען אין איינציקע, שוואַכע קרייזלעך פון העלדן־מאַרטירער, וואָס וועלן אומקומען אין דעם נישט גלייכן געראַנגל מיט דער ריזיקער, אייזערנער מלוכה.

אמת, די „טשערנאָפּערעדעלצעס" האָבן אין דער זעלביקער צייט איבערגעבויגן דעם שטעקן אין דער צווייטער זייט און האָבן געטענהט, אַז די אַרבעטנדיקע מאַסן דאַרפן בכלל נישט פירן קיין פּאָליטישן קאַמף, אַז יעדע פּאָליטישע פרייהייט שאַפט בלויז פּריווילעגיעס פאַר די פּריווילעגירטע קלאַסן, דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק דאַרף זיך דערשלאָגן די סאָציאַלע רעוואָלוציע

און בכלל אומברענגען די מלוכה. פלעכאנאָוו און אַקסעלראָד זענען נאָך דאַמאָלט געווען אַנאַרכיסטן־באַקוניסטן.

אָבער דער איבערברוך אין זייער וועלט־אַנשויונג האָט זיך שוין אָנגעמערקט. פלעכאנאָוו האָט זיך גענומען ערנסט שטודירן (אין אויסלאַנד) דעם מאַרקסיזם, אַקסעלראָד האָט זייער פיל געלערנט און געשריבן וועגן דער אייראָפּעישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועגן איר פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער, וועגן אירע טאַקטישע, קאָמפּליצירטע אויפגאַבן און געוויסע געשיכטלעכע פּעריאָדן — און ביסלעכווייז איז צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן פאַרן פּראָלעטאַרישן, מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם אין רוסלאַנד. אין דער דאָזיקער צוגרייטונג האָט אַקסעלראָד געהאַט דעם גרעס־טען חלק.

אין אַ בריוו, וואָס פלעכאנאָוו האָט געשריבן צו אַקסעל־ראָדן, זאָגט זיך: „דו ביזט מער פון אַלץ אַן אייראָפּייער און דאָס איז וויכטיק פאַר יעדער רוסישער פּאַרטיי". און אַקסעל־ראָדס אייראָפּעיזם, זיינע סימפּאַטיעס און זיין טיפע פאַר־שטענדעניש פאַר דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אין מערב־אייראָפּע, האָבן פאַרשנעלערט דעם פּראָצעס, וואָס די רוסישע סאָציאַליסטן האָבן דורכגעמאַכט פון באַקוניזם צום מאַרקסיזם.

אין יאָר 1883 האָבן אייניקע געוועזענע באַקוניסטן־נאַראָד־ניקעס: ג. פלעכאנאָוו, אַקסעלראָד, ווערא זאַסוליטש און איג־נאַטאָוו געגרינדעט די „גרופּע פון דער אַרבעטס־באַפרייונג", וועלכע האָבן צום ערשטן מאָל אין רוסלאַנד אָנגעהויבן אָנצו־ווענדן די מאַרקסיסטישע פּרינציפּן און מעטאָדן און האָבן גע־לייגט דעם פונדאַמענט פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

13 יאָר האָט געדויערט, ביז די דאָזיקע טעאָרעטישע פּרינ־ציפּן האָבן אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען: אין 1896־טן יאָר איז פאָרגעקומען דער גרויסער עקאָנאָמישער שטרייק פון פּע־טערבורגער פּראָלעטאַריאַט. ס'האָט זיך דאַמאָלט געבילדעט דער

„פאַרבאַנד פאַר דער באַפרייונג פון אַרבעטער־קלאַס", מיט א יאָר שפּעטער האָבן זיך געגרינדעט „דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד", שפּעטער די „רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי" און די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד איז אַוועק אויף די וועגן, וועלכע ס'האָבן פאַר איר אָנגעצייכנט אירע ערשטע בויער און באַגרינדער — ג. פּלעכאַנאָוו און פּאַוועל אַקסעלראָד.

„א. פּאָלקצייטונג". 1925. נומ' 205 און 212.

# הירש לעקערט

**(צום 20־טן יאָרצייט פון דער ווילנער טראַגעדיע)**

דאָס איז געווען אין מאַי 1902. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט דאַמאָלט געפונען איר אָרגאַניזאַציאָנעלן אויסדרוק אויסשליסלעך אין „בונד" (קיין אַנדערע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען זענען נאָך אין געוועזענעם רוסלאַנד אינגאַנצן נישט געווען בנמצא) האָט שוין צו יענער צייט פאַרענדיקט מיטן „עקאָנאָמיזם", אָדער ריכטיקער געזאָגט, מיט דער שמאָל־עקאָנאָמישער פּראַקטיק, וועלכע האָט איין צייט באַהערשט די עקזיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס.

די נויטיקייט צו פאַרשאַרפן דעם פּאָליטישן קאַמף, אום אין גאַנס אַרויסצוטראָגן, דעמאָנסטרירן די רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען און די רעוואָלוציאָנערע כוחות, וועלכע האַלטן זיי אונטער — דאָס איז שוין געוואָרן אַן אומשטרייטבאַרע אויפגאַבע פון אַלע בונדישע אָרגאַניזאַציעס. מאַכן אָפטע גאַסן־אַרויסטרעטונגען, פאַרוואַנדלען יעדן עקאָנאָמישן סכסוך אין אַ פּאָליטישן קאָנפליקט, רעוואָלוציאָניזירן דאָס גאַנצע לעבן און דעזאָרגאַניזירן דעם גאַנצן איינגעשטעלטן צאַרישן מעכאַניזם מיט זיין רעזשים, פאַראָרדענונגען און באַפעלן — דאָס איז געווען די קאָנקרעטע טאָג־אַרבעט.

באַזונדערס האָט מען געהאַלטן פאַר נויטיק אויסצונוצן דעם טאָג פון 1־טן מאַי. צו די אַלע אַלוועלטלעכע פּראָלעטאַ־

רישע לאָזונגען, וועלכע זענען געוואָרן אין דעם טאָג אַרויס־געשטעלט דורכן אינטערנאַציאָנאַל, האָט די רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיטן „בונד", באַשלאָסן צוצוגעבן דעם ספּעציעלן קאַמפּס־לאָזונג קעגן דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט. דער 1־טער מאַי איז פון אָנפאַנג 20־טן יאָרהונדערט אָן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אברייטע מאַסן־באַוועגונג אין גרויסרוסלאַנד און אין יידישן תחום, געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ טאָג פון פּראָטעסט און דעמאָנסטראַציע קעגן צאַריסטישן רעזשים.

שוין יעדע נישט דערלויבטע מאַסן־אַרויסטרעטונג אין גאַס, מיט וועלכע לאָזונגען דאָס זאָל נישט זיין, איז געווען אַ שווערער פאַרברעכן קעגן דעם צאַריזם, קעגן די פּאָליציייאישע תקנות, בפרט נאָך, אַז די דעמאָנסטראַציעס האָבן ווירקלעך געטראָגן אַ בולט רעוואָלוציאָנערן (אָדער ווי מען רופט עס אויף היינטיקן לשון — אַנטי־מלוכהשן) כאַראַקטער. יעדע דעמאָנסטראַציע איז געווען אַ שטיק רעוואָלוציע, יעדער עפנט־לעכער פּראָטעסט — אַ „בונט". די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען פלעגן זיך טאַקע דעריבער גרייטן צו יעדן 1־טן מאַי, ווי צו אַ שלאַכט, פלעגן שטעלן אויף די פיס די גאַנצע פּאָליציי, קאָ־זאַקן און אַנדערע מיליטער־פאָרמאַציעס און פלעגן פּראָבירן צו דערשטיקן יעדע אַרויסטרעטונג מיט דער ברוטאַלסטער אַכזריות.

די דאָזיקע הכנות פון יאָר צו יאָר און די דערפאַרונג פון די פריערדיקע יאָרן פלעגן אָבער נישט אָפּשרעקן די אָר־גאַניזירטע יידישע אַרבעטער. יעדן 1־טן מאַי פלעגן אין די שטעט פון ליטע, ווייסרוסלאַנד און פּוילן אַרויסטרעטן אויף די עפנטלעכע פלעצער גרעסערע אָדער קלענערע גרופּן יידישע אַרבעטער, פלעגן אַרויסוואַרפן אַ פאָן, פלעגן אויסשרייען די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען און אין איינציקע פאַלן אויך דורכ־מאַרשירן איבער די הויפּט־גאַסן. די דאָזיקע דעמאָנסטראַציעס

פלעגן דאָס רוב זיך ענדיקן מיט אַ פּאָליציייִשן אָנפֿאַל איבער די דעמאָנסטראַנטן. מען פלעגט זיי שלאָגן מכות־רצח, טרעטן מיט די פֿיס, יאָגן פֿון די גאַסן און צענטליקערווייז אַרעסטירן.

די דאָזיקע דעמאָנסטראַציעס האָבן נישט געקאָנט — אין ליטע און ווייסרוסלאַנד — זיין קיין זייער אימפּאָזאַנטע קיין באַזונדערס מאַכנהאַפטע. אין יענע קאַנטן זענען אין דער באַוועגונג אַריינגעצויגן געוואָרן בלויז די ייִדישע אַרבעטער. די ווייסרוסישע און ליטווישע אַרבעטער־מאַסן זענען געבליבן נישט אָרגאַניזירט און זענען געווען זייער ווייט פֿון דער אַרבעטער־זאַך. בממילא האָבן די דעמאָנסטראַציעס געמוזט טראָגן אַ ריין „ייִדישן" כאַראַקטער. אין זיי פלעגן זיך באַטייליקן בלויז די ייִדישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער. דאָס פלעגט נאָך דער אָרטיקער פּאָליציי אין יענע שטעט צוגעבן מער חשק ברוטאַל צו באַהאַנדלען די דעמאָנסטראַנטן, נישט מאַכן מיט זיי קיין איבעריקע מחזיקות און זיך נוקם זיין אָן זיי אויף אַ מערדערישן אופֿן.

די פֿראַגע וועגן באַוואָפֿנטע אַרויסטרעטונגען, וועגן געבן אָן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד דער פּאָליציי, וועגן דעם, אַז די דעמאָנסטראַנטן מוזן זיין מיט וואָפֿן און די הענט ווערן קעגן די אָנפֿאַלן, וואָס ווערן אויף זיי געמאַכט — האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין איר גאַנצער אַקטואַליטעט פֿאַר די בונדישע אָרגאַניזאַציעס און איז טאַקע אומעטום געלייזט געוואָרן אין פּאָזיטיוון זין. מען האָט אָנגעהויבן בילדן „קאַמפּס אָטריאַדן", זיך באַזאָרגן מיט „שפּייערס" און קאַלט־געווער און זיך גרייטן אויף אַן אמת צו קעגנזייטיקע שלאַכטן.

צו יענער צייט איז אָבער אויסערגעוויינלעכעס געשען: מיטוואָך, דעם 18־טן אַפּריל (אַלטן סטיל) האָבן געשטרייקט אַלע פֿאַכן, וווּ ס'אַרבעטן די ייִדישע אַרבעטער. די זאַוואָדן און פֿאַבריקן מיט די קריסטלעכע אַרבעטער האָבן געאַרבעט. די דעמאָנסטראַציע איז געווען אַ באַשלאָסענע זאַך. אַ טייל אַר־

בעטער האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דער דייטשער גאַס, אַ ביסל אויף דער יידישער, יאַטקעווער און שכנישע געסלעך. 8 אין אָוונט האָט זיך אַ גרופּע דעמאָנסטראַנטן קאָנצענטרירט אויף ראָג דייטשער און יידישער גאַס. ס'באַווייזט זיך אַ רויטע פאָן. ס'הערט זיך אַ הויכער „הוררא". אָבער אין איין רגע האָט זיך קענען די דעמאָנסטראַנטן אַ לאָז געטון מיט פּיקעס אין די הענט אָן עסקאַדראָן קאָזאַקן. דער עולם איז צעטריבן און אַ 50 דעמאָנסטראַנטן ווערן צעשלאָגענע, צעבלוטיקטע אי־בערגעפירט אין פּאָליציי־צירקל.

אין אָוונט האָט דער קאָמיטעט פון „בונד" איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע אויך אין שטאָט־טעאַטער. בעת דער פאָר־שטעלונג האָבן זיך געהערט רעוואָלוציאָנערע אויסרופן און פון דער גאַלעריע האָבן זיך אַ שאָט געטון ווייסע בלעטלעך. די פּאָליציי האָט גלייך די גאַלעריע אַרומגערינגלט און אַרעסטירט אַ 30 מאַן דעמאָנסטראַנטן און אויך זיי אָפּגעפירט אין פּאָ־ליציי־אַרעסט.

דאָס אַלץ איז געווען „נאָרמאַל", לויט דעם מוסטער פון די פריערדיקע יאָרן און האָט קיינעם נישט איבערראַשט. ווי פאַרבליפט זענען אָבער אַלע געבליבן, ווען מען האָט זיך דער־וווּסט, אַז מען האָט אויף מאָרגן (דעם 19־טן) קעגן די דע־מאָנסטראַנטן אָנגעווענדעט אַ שענדלעכע עקזעקוציע. לויטן באַפעל פון דאַמאָלסטיקן ווילנער סאַטראַפּ, דעם אויסוואורף פאָן־וואַל, האָט מען די אַרעסטירטע אַרויסגעפירט איינציקווייז אויפן הויף, צוויי פּאָליציסטן פלעגן זיי אויסציען מיט געוואַלט איבער אַ ברעט און זיי געשמיסן. געשמיסן מיט דער גאַנצער ציניש־בעסטיאַלישער צערעמאָניע, וועלכע די צאַרישע תּלינים פלעגן פּראַקטיצירן אין אַזעלכע פאַלן: פייערלעך אין דער אָנוועזנ־הייט פון דער העכערער „נאַטשאַלסטווא", אונטערן אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר, לויט אַ באַשטימטער צאָל, אין עטלעכע פּויזעס



מיט אַלע פּרטים פונם איינגעשטעלטן ריטואַל פאַר אַזעלכע עקזעקוציעס.

די איבערגעבליבענע אין קאַמער פּלעגן מוזן געדולדיק וואַרטן זייער ריי. צו זיי פלעגט זיך דערטראָגן די שרעקלעכע קולות פון די געפּייניקטע קרבנות הינטער זייער פאַרשלאָסענער טיר און זיי זענען געווען אָנמעכטיק עפּעס צו טון. נישט אַלע אַרעסטירטע האָט מען געפּייניקט. מען האָט פון זיי אויסגעקליבן בלויז אַ פאַר־צענטליק. די עקזעקוציע האָט געדויערט מער ווי אַ שעה, נאָכדעם האָט מען אַלע געפּייניקטע באַפרייט, אויך אַפילו דעם פּאַנען־טרעגער.

די דאָזיקע ידיעה איז געווען אַזוי אומדערוואַרטעט, אַזוי איבעראַשנדיק־אויסערגעוויינלעך פאַר אַלעמען, אַז לכתחילה האָט קיינער נישט געוואָלט גלויבן אין דער גאַנצער מעשה. די צאַרישע אָרדענונגס־היטער פלעגן ביז־אַהער אָנווענדן די דאָזיקע ווילדע עקזעקוציע בלויז נאָר בנוגע אַ „צעבונטעוועטן" פּויערים־המון (אַ ירושה נאָך פון „פאַנשטשיזנע") און קעגן פאַרזינדיקטע קאַטאָרזשאַנעס. אָבער, אַז זיי זאָלן וואַגן אויסנוצן אַזאַ שענדלעך־ווילדע רעפּרעסיע קעגן רעוואָלוציאָנערן, קעגן באַוווסטזיניקע פּאָליטישע קעמפער, קעגן אַרבעטער־דעמאָנסטראַנטן — איז ביז איצט געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט און ממש אומגלויבלעך.

ס'איז אָבער פאָרט געווען אמת. דער ברוטאַלער תליון פאָן־וואַל האָט זיך באַשלאָסן אָנצווענדן די דאָזיקע עקזעקוציע אויך קעגן יידישע אַרבעטער־דעמאָנסטראַנטן אין פּולסטן בטחון, אַז דאָס דאָזיקע מיטל וועט שוין האָבן אַן ענדגילטיקע ווירקונג אויף די יידישע אַרבעטער. אויב זיי שרעקן זיך נישט פאַר קלעפּ, פּייער און טורמעס, וועט די נייע, טיף־באַליידיקנדיקע עקזעקוציע אָפּנעמען ביי זיי דעם חשק צו דעמאָנסטראַציעס.

דאָס איז געווען אַ טיוואַלאַנישער איינפאַל פון אַ ראַפּינירטן, בעסטיאַלישן הענקער. די ווילנער עקזעקוציע האָט ממש

אויפגעטרייסלט די פסיכיק פון די רעוואָלוציאָנערע יידישע אַרבעטער. דער העכסטער ווערט, די טייערסטע זאַך ביי די רעוואָלוציאָנערן איז תמיד געווען נישט לאָזן באַרירן זייער ווירדע, פאַרהיטן ווי אַ שוואַרצאַפּל פון אויג זייער כבוד, דעם כבוד פון דער רעוואָלוציע. זיי האָבן געקאָנט אויסשטיין די גרעסטע יסורים, זיי זענען גרייט געווען אָפּצוקומען אין די שווערסטע תפיסות; אָבער אין די פינסטערע, שטיינערנע שטייגן, הינטערן ריגל און שלאָס, פלעגן זיי אָפּהיטן מיטן פּרייז פון זייער לעבן דעם כבוד און ווירדע פון אַ רעוואָלוציאָנער, פון אַ קעמפער. זייער פערזענלעכע ווירדע איז ביי זיי אידענטיפיצירט געוואָרן מיט דער ווירדע פון דער אידעע, פון דער גרויסער זאַך, וועלכע זיי האָבן געדינט. און דערפאַר האָבן זיי ביי די שווערסטע באַדינגונגען נישט געלאָזט זיך באַליידיקן, דערנידעריקן זייער פערזענלעכקייט, מיט זייער האַלטן זיך פלעגן זיי אַרויסרופן צו זיך אַכטונג און ווירדע־געפילן אפילו מצד זייער פאַרביטערטסטן שונא.

אויך די באַוווּסטזיניקע יידישע אַרבעטער, אַריינטרעטנדיק אין אומגלייכן צוויי־קאַמף מיטן צאַרישן דעספּאָטיזם, האָבן שוין אין זיך אויסגעראָטן יעדן גלות־געפיל, יעדע הכנעה און געבראָכנקייט, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם דורכשניטלעכן גלות־ייד און האָבן געפאָדערט קודם־כל דרך־ארץ צו זייער קאַמף, אַכטונג צו זייער העלדישקייט און ריטערלעכקייט. דערפאַר האָט די טיפע באַליידיקונג, וואָס ס׳האָט זיי אַזוי ברוטאַל גע־טראָפן מצד דעם ווילנער גובערנאַטאָר, אַרויסגערופן ביי זיי אַ שרעקלעכע פאַרלוירנקייט. פאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז מיט דער האַזיקער עקזעקוציע איז מען נישט אויסן געווען די פּאָר צענטליק צופעליקע דעמאָנסטראַנטן, נאָר זי איז גע־ווען געווענדעט און זי האָט טאַקע פיינלעך געטראָפן די גאַנצע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, דעם גאַנצן „בונד״. ער מוז אויף די האַזיקע באַליידיקונג רעאַגירן, תיכף און ווירדיק רעאַגירן.

*   *   *

אָבער אויף וועלכן אופן? — פאַרשטאַרקן און פאַרגרעסערן די רעוואָלוציע, האָבן געענטפערט די טוער, די אָנפירנדיקע קרייזן. אָבער דערווייל? ביז יענער צייט? צי קאָן מען דערלאָזן די תּלינים אומבאַשטראָפט טרעטן די פּראָלעטאַרישע ווירדע מיט די פיס? — האָט געעגבערט דער געדאַנק ביי אַ סך אַרבעטער־טוער. צי טאָרף מען ביי זיי נישט אָפּנעמען דעם חשק זיך צו דערלויבן דערנידעריקן אַזוי געמיין די אַרבעטער־ריעמפער?

אמת, מיר זענען סאָציאַל־דעמאָקראַטן. מיר האַלטן נישט פון טעראָריסטישע אַקטן בנוגע איינצלנע פּערזאָנען דורך איינצלנע פּערזאָנען, מיר באַקעמפן דאָס גאַנצע סיסטעם, און נאָר דורך מאַסן־אַקציעס. אָבער אויב איינצלנע אויסוואורפן פון דעם דאָזיקן סיסטעם וואַגן אָנצווענדן אַזעלכע ברוטאַלע קאַמפס־מיטלען, קאָן מען זיך נישט אַרומטראָגן מיטן געדאַנק פון סליחה און מחילה און זיך טרייסטן דערמיט, וואָס די געשיכטע וועט זיי שוין פאַראורטיילן פאַר זייערע מעשים. שוין מוז דער משפּט איבער זיי אויסגעפירט ווערן, שוין מוזן זיי באַקומען זייער נקמה און דאָס וועט זיין אַ גוטע לערע פאַר אַנדערע.

אַזעלכע געדאַנקען האָבן אָנגעהויבן אַרומבלאָנדזשען אין די מוחות פון אַ סך יידישע אַרבעטער. געדאַנקען, וועלכע האָבן גאַנץ גיך באַקומען אַ פאַרענדיקטע פאָרם פון אַ באַשטימטן באַשלוס ביי אַ גרופּע ווילנער אַרבעטער: פאָן־וואַל מוז פאַר אַזאַ אַקט באַצאָלן מיט זיין לעבן.

איינער פון די אַנטשיידנסטע און ענערגישסטע אָנהענגער פון דעם דאָזיקן באַשלוס איז געווען דער שוסטער הירש לעקערט. ער איז בכלל ווייניק באַקאַנט געווען מיט טעאָריעס, מיט פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק. אים האָט געצויגן צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, זיינע אומדירעקטע פּראָטעסט־געפילן, אין איר האָט ער געוואָלט שטילן זיין דורשט צו מעשים, צו

דרייסטער, העלדישער אַקטיוויטעט. שטאַמענדיק אַליין פון „דעק" פון דער נאָוואָגראָדער הינטערוועלט, האָט „הערשקע דער שוסטער" מיטגעבראַכט פון דאָרט אין דער באַוועגונג דעם סטיכישן כוח פון „בונט", דעם אומבויגזאַמען ווילן און אייזערנע ענערגיע צו דרייסטע, העלדישע מעשים. אין יאָר 1901 שוין נעמט לעקערט אַן אַקטיוון אָנטייל אין אָפּשלאָגן פּאָליטישע אַרעסטירטע פון דער פּאָליציי, ווייזט אַרויס גרויסע דרייסטקייט און מוט.

לעקערט וויל נאָך דער שענדלעכער עקזעקוציע נישט הערן פון קיין שום טענות פון די „אינטעליגענטן", אַז טעראָר איז נישט קיין צוועקמעסיק קאַמפּס־מיטל, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן דאַרפן באַקעמפן דעם צאַריזם, אָבער נישט איינצלנע פּערזאָנען. ער ווייסט נאָר איין זאַך: דער הונט וואָל מוז דערשאָסן ווערן און זאָלן זיי וויסן, ווי זיך צו באַגיין מיט יידישע אַרבעטער. אויב דער „קאָמיטעט" וויל זיך פאַר דעם נישט נעמען — וועט מען דאָס מאַכן אָן אים.

הירש לעקערט שטייט־צו צו אַ פּריוואַטער גרופּע, וועלכע האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן דעם אַקט. דאָס זענען געווען 9 אַרבעטער. צווישן זיי איין פּוילישער חבר, אַ גאַרבער. זיי האָבן באַקומען אויף דעם פון אַ פּריוואַטער קוועלע אין גאַנצן 60 רובל. רעוואָלווערן און מעסערס האָבן זיי אויך געהאַט. מען צעטיילט צווישן זיך די פּאָסטנס, מען שטעלט איין אַ שמירה אויפן גובערנאַטאָר, מען טשאַטעוועט אויף אים, אַזוי ווי אַ יעגער אויף אַ חיה. 8 טעג איז פאַרביי, פאָן־וואָל באַווייזט זיך נישט פון זיין הויז. די שטימונג ביי זיי פאַלט. אויפן ניינטן טאָג באַווייזט ער זיך. ער גייט צו־פוס אין אָפיצירן־קלוב צוזאַמען מיט גענעראַל טריפּענבערג, נאַטשאַלניק פון מיליטער־קרייז. לעקערט שטייט אויף דער וואַך און לאָזט אים פאַרביי.

— ס'טייטש, פאַרוואָס? — פאַרוואָרפט מען אים מיט אַ שטרענגען אויסרייד.

— איך האָב נישט געהאַט קיין מוט. די האַנט האָט נישט געפאָלגט — צעוויינט ער זיך, ווי אַ קליין קינד — עס וועט זיך אָבער מער נישט איבערחזרן — פאַרזיכערט ער זיינע חברים — איך מוז אים פטרן.

נאָך דעם איז אַריבער נאָך אַ וואָך. דעם 5־טן מאַי אין אָוונט. לעקערט בעט ביי די חברים 3 קאָפּיקעס אויף אַ טעלער קרופּניק און איז אַוועק אויף זיין פּאָסטן, נעבן צירק. 11 אַזייגער, בעת פאָן־וואַל איז אַרויס פון דער פאָרשטעלונג פון צירק און וויל צוגיין צו דער קאַרעטע, לויפט אים אָנטקעגן אַ יונגערמאַן און שיסט גלייך אין אים. דער גובערנאַטאָר פאַלט אַ פאַרוואונדעטער. אַ בהלה, אַ סומאַטאָכע, די פּאָליציאַנטן וואַרפן זיך אויף אַלע זייטן און פאַרהאַלטן אַ ברייטביייניקן יידישן יונגערמאַן, אין אַ געלער מאַרינאַרקע, מיט גרויסע זומער־שפּרינקלעך אויפן געזיכט און שוואַרצע שוסטער־הענט. דאָס איז געווען הירש לעקערט.

דער איינדרוק פון דעם דאָזיקן שאָס, ווי אין די רעגירונגס־קרייזן, אַזוי אויך אין דער גאַנצער געזעלשאַפט, איז געווען אַ גוואַלטיקער. אויב מען האָט זיך שוין אין די „הויכע פענסטער" אָנגעהויבן צוצוגעוווינען צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אַלס מאַסן־דערשיינונג, איז מען אָבער געוואָרן איבעראַשט פון דעם, וואָס זי פאַרמאָגט אַרויסצושטעלן איינצלנע „רעוואָלוציאָנערן", אייגענע נקמה־נעמער. אַ פּשוטער יידישער שוסטער, אַ „טעראָריסט" — דאָס איז געווען אַן אומאָנגענעמער סורפּריז פאַר די אויבערשטע מנהיגים אין צאַריסטישן רוסלאַנד. מען האָט דאָרט גלייך איינגעזען, אַז אַזעלכע „טעראָריסטישע אַקטן", ווי לעקערטס, וועט ווערן אַ שטענדיקע דערשיינונג, אויב מען זאָל ווייטער זיך האַלטן ביי פאָן־וואַלס מעטאָד, און ער

איז טאַקע אין דער צוקונפט שוין מער נישט פּראַקטיצירט געוואָרן בנוגע די יידישע אַרבעטער.

די געזעלשאַפט ווידער, באַזונדערס די יידישע אַרבעטער־מאַסע, האָט לייכט אָפּגעאָטעמט נאָך דעם דאָזיקן שאָס פון יידישן שוסטער. אין דעם דאָזיקן אַקט האָט מען געזען אַ באַפרידיקטן נקמה־געפיל קעגן דער הפקרות און שדים־טאַנץ פון דעם צווילדערוועטן צאַריזם. דאָס האָט געהויבן די שטימונג ביי די אַרבעטער־מאַסן, דאָס האָט פאַרטריבן די פינסטערע געדאַנקען ביי אַלע אָראָפּגעפאַלענע און עס האָט אויפסניי פאַרשטאַרקט דעם ווילן צום קאַמף, צו דער רעוואָלוציע.

די ווירקונג פון דער עקזעקוציע און לעקערטס ענטפער אויף איר, איז געווען אַזוי גרויס אין די יידישע אַרבעטער־קרייזן, אַז אַפילו די 8־טע קאָנפערענץ פון „בונד" אין בערדיטשעוו (אויגוסט 1902) האָט זיך געלאָזט באַהערשן פון יענער שטימונג און האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע, הגם זי פאַראורטיילט דעם טעראָר אַלס פּאָליטישן קאַמפּסמיטל, דערלאָזט זי דאָך אַנצווענדן „אָרגאַניזירטע ראַכע" אין פאַל ווען די צאַרישע סאַטראַפּן וועלן באַליידיקן די ווירדע פון די אַרבעטער־קעמפער.

פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט געעפנט אַ טיר פאַר טעראָר בכלל. די „אָרגאַניזירטע ראַכע" וואָלט שוין אַריינגעצויגן די פּאַרטיי אין אומאויפהערלעכע טעראָריסטישע אַקטן און וואָלט זי פון אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע פאַרוואַנדלט אין אַן ענג־פאַרקאָנספּירירטן טעראָריסטישן אַפּאַראַט. דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" און די אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָבן אויפגעהויבן אַ שטאַרקע קאַמפּאַניע קעגן דער דערמאָנטער רעזאָלוציע. אין די בונדישע אָרגאַניזאַציעס גופא האָט מען זיך אָנגעהויבן אָפּצוקילן. מען האָט דערזען, ווי ווייט

די דאָזיקע רעזאָלוציע קען פאַרפירן. דער צ. ק. פון „בונד" האָט דערוויילּ זי אָפּגעשטעלט און דער 5-טער צוזאַמענפאָר פון „בונד" אין ציריך (1903) האָט זי אינגאַנצן אָפּגעשאַפט.

צו יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן א שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און פּויערים-אומרוען אין דרום-רוסלאַנד. די רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבן גיין באַרג-אַרויף, און איר אוואַנגאַרד — דער יידישער אַרבעטער-קלאַס — האָט באַקומען אין זיין מסירת-נפשדיקן קאַמף גרויסע און מעכטיקע רעזערוון.

לעקערטן איז נישט אויסגעקומען לאַנג זיך צו קוועלן אין תפיסה. זיין גורל איז שוין געווען פון פאַרויס באַשטימט. ער האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן מיט גרויס ווירדע און העלדישקייט. ער איז ביי זיך נישט געפאַלן, ווען ער האָט דערהערט זיין טויט-אורטייל. ער האָט אָפּגעזאָגט זיין פרוי אין איר ביטע צו ווענדן זיך צום צאַר מיט א באַגנעדיקונגס-בקשה. ער האָט געזען אין זיך דעם שליח פונם יידישן אַרבעטער-קלאַס און האָט ביז דער לעצטער מינוט זיך געהאַלטן מיט א העלדישן שטאָלץ, וואָס קוועלט אַרויס פון די טיפענישן פון א גרויסער נשמה. ער האָט לייכט אָפּגעשטויסן פון זיך דעם רב, וועלכער איז געקומען צו פאַרשווערן זיינע לעצטע מינוטן מיט טרוקענע, קאָנווענציאָנעלע ווערטער. מיט פעסטע טריט איז ער אַרויף אויף דער תליה, וועלכע די צאַרישע תלינים האָבן פאַר אים אויסגעבויט אויפן מיליטער-פעלד הינטערן שטאָט.

לעקערט איז געשטאָרבן מיט א העלדן-טויט אַלס נקמה-נעמער פאַר דער פּראָלעטאַרישער ווירדע און כבוד פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. די יידישע אַרבעטער האָבן זיין ליכטיקן זכרון אַריינגעפאַסט ביי זיך אין די הערצער, האָבן

אים דאָרט באַקראַנצט מיט אומפאַרוועלקטע בלומען פון אָנער־קענונג און אכטונג און זיי וועלן תמיד פייערן זיין אָנדענק אַלס מוטיקן רעוואָלוציאָנער און שטאָלצן קעמפער פאַר דער גרויסער אַרבעטער־זאַך.

„פאָלקסצייטונג". 1922. נומ' 32.



.2

## צום 25־טן יאָרצייט פון זיין מאַרטירער־טויט אין יאָר 1902

אין יאָר 1902, אין דער נאַכט פון 9־טן אויפן 10־טן יוני (פון 27־טן אויפן 28־טן מאַי לויטן אַלטן סטיל), 2 אַזייגער מיט 38 מינוט, פונקט ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, איז דער מיטגליד פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע פון „בונד", דער שוסטער־אַרבעטער הירש לעקערט, אַרויסגעפירט געוואָרן אויף דער תליה.

ביז 3000 זעלנער, באַוואָפנט פון קאָפ ביז די פיס, זענען געשטאַנען אויפן „קריגספעלד" און האָבן געוואַרט, ווען עס וועט אויסגיין די נשמה פון דעם דאָזיקן מוטיקן רעוואָלוציאָנער. ברוטאַלע דינער פון מעכטיקן צאַרישן רעזשים און אַן הכנעה־דיקער שליח פון דער יידישער טראַדיציאָנעלער אמונה, האָבן בייגעוווינט דעם טויט פון דעם דאָזיקן ווידערשפעניקן, וועלכער האָט נישט געוואָלט תשובה טון אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן און אַרויסגעבן די איבעריקע „פאַרברעכער", וואָס האָבן אים געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם אָנפאַל אויפן פאַרשטייער פון דער „געזעצלעכער מאַכט".

מיט פאַראַכטונג און עקל האָט ער, דעם אומגעבילדעטער יידישער שוסטער־אַרבעטער, געקוקט אויף די עלנטע, אומווירדיקע נפשות, וועלכע האָבן דאָ, ביי דעם „געזעצלעכן מאָרד", פאַרטרעטן די מלוכה, קולטור און אמונה. מיט ווירדע און שטאָלץ איז ער, דער געפלאָגטער און פאַרפייניקטער אַרעסטאַנט, געגאַנגען צו דער תליה און ער האָט מיט שמחה און ליבע אָפּגעגעבן זיין יונג לעבן אַלס קרבן פאַר דער געשענדעטער אַרבעטער־זאַך.

און ווען זיין טויטער קערפער איז אַראָפּגעפאַלן צו די פיס פון זיינע מערדער און תליינים, איז די זון שוין הויך גע־

שטאַנען אין הימל און האָט מיט אירע ליכטיקע שטראַלן צע־טראָגן די ידיעה איבער די אַרבעטער־קוואַרטאַלן פון ווילנע, אַז הירש לעקערט לעבט שוין נישט מער, אַז ער, דער אומ־באַקאַנטער שוסטער־אַרבעטער, שיינט שוין איצט אין אייביקן גלאַנץ פון מאַרטירעריי און רעוואָלוציאָנערן קידוש־השם.

פון וואַנען האָט זיך גענומען אַזוי פיל העלדישקייט און זעלבסטאָפּפערונג ביי דעם יינגן שוסטער־אַרבעטער, וועלכער האָט אפילו שרייבן און לייענען רעכט נישט געקענט? ווער האָט עס אַזוי באַגייסטערט און אָנגעצונדן מיט פלאַמענדיקן גלויבן די שטומע נשמה פון דעם דאָזיקן גרויען פּראָלעטאַר־יער פון נאָוואָגראָדער געסל? — דאָס איז דער סאָציאַליזם, וועלכער האָט אָפּגעשיינט מיט אַזאַ פּראַכט און גלאַנץ אין די אַרבעטער־הערצער און האָט דאָרט פייערדיקע פאַקלען אָנגע־צינדן; דאָס איז דער „בונד", וועלכער האָט אויפגעבליט העל און שטאָלץ אין די אַרבעטער־געסלעך פון יידישן תחום און האָט די אָרעמע פּראָלעטאַריער אין מוטיקע, העלדישע קעמ־פער פאַרוואַנדלט.

פון ערשטן טאָג פון זיין קומען אויף דער יידישער גאַס, איז דער „בונד" געווען נישט קיין קליינלעכע באַוועגונג פאַר וואָכעדיקע באַדערפענישן. ער איז אויפגעקומען פאַר די דריי־פאַך געדריקטע יידישע אַרבעטער אַלס אויסלייזער פון זייערע אַלע צרות, אַלס באַפרייער פון זייער גאַנצן עלנט, אַלס אַ משיח, וועלכער וועט זיי פון צאַרישן און קאַפּיטאַליסטישן גלות אַרויס־פירן.

יעדעס וואָרט פון „בונד" האָט אַ נייע נשמה אין די פּראָלעטאַריער אַריינגעבלאָזן, יעדער רוף זיינער האָט די אַר־בעטער ממש אויף דאָס ניי איבערגעשאַפן. זיין יעדער טריט האָט וווּנדער באַוויזן און צוזאַמען מיט דער גרויס פון די

צילן און אידעאלן פון „בונד" האָבן זיך געהויבן און געוואַקסן די כוחות פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. דערשלאָגענע אַרבעטער האָבן ריזיקע כוחות באַקומען, געטראָטענע שקלאַפן זענען העלדן געוואָרן. ביים פייער פון רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין האָט זיך געשמידט דער רעוואָלוציאָנערער טעמפּעראַמענט, ביים ליכט פון סאָציאַליסטישן אידעאַל האָט אויפגעפלאַמט דער שטאָלץ פון פרייען מענטש, האָט געבליט דער מוט פון דרייסטן קעמ־פער, האָבן זיך געצייטיקט העראָישקייטן און זעלבסטאָפּפערונג פון פּראָלעטאַריער רעוואָלוציאָנערן.

און צוזאַמען מיט די הונדערטער און טויזנטער דער־וואַכטע, איז אויך געוואַקסן און זיך געהויבן אַלץ העכער דער שוסטער־אַרבעטער הירש לעקערט. די ליידן פון אַרבעטער־כלל האָט ער געשפּירט ווי זיינע אייגענע. די דערנידערונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט אים געפּייניקט, ווי מען וואָלט אים פּערזענלעך באַליידיקט. ער האָט שוין רוען נישט געקענט, ביז ער האָט מיט זיין יונג רויט־בלוט נישט אָפּגע־ווישט די ברוטאַלע שענדונג, וואָס די צאַרישע סאַטראַפּן האָבן זיך דערלויבט לגבי די יידישע אַרבעטער־דעמאָנסטראַנטן, לגבי דעם „בונד"...

* * *

25 יאָר זענען שוין אַוועק פון יענעם טאָג. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע צייטן. עס האָבן זיך געביטן אירע פאָרמען, עס זענען צוגעקומען נייע אויפגאַבן און צילן. איר גייסט אָבער איז פאַרבליבן אומפאַר־ענדערלעך. דער גייסט פון העראָיזם און רעוואָלוציאָנערער מסירות־נפש.

דער „בונד" איז פאַרבליבן ביז היינט צו טאָג יענע אָר־גאַניזאַציע, וואָס דערציט די יידישע אַרבעטער אינם סאָציאַ־ליסטישן גלויבן, דערהויבט זייער געמיט און שטאַרקט זייערע

הערצער. דער „בונד" איז געווען און איז פארבליבן דער אויסלייזער פון דער נשמה און מוח פון יידישן ארבעטער־קלאס.

שטייענדיק אין שווערן געראנגל מיט די וואכעדיקע זארגן פונם היינט, האלטן מיר הויך אונזערע אויגן צום ליכטיקן מארגן. קעמפנדיק מיט דער גרעסטער עקשנות קעגן די נויטן פון טאג, פארגעסן מיר נישט אין די גרויסע צילן, וואס באַפליגלען אונזער באוועגונג. אין אונזער שווערער ארבעט געפינען מיר מוט און באגייסטערונג. אין אונזער העלדישער פארגאנגענהייט, אין די נעפלען פון גרויען טאג, שעפן מיר ענטוזיאזם און גלויבן ביי די טויזנטער פארקעמפער און מוטיקע מארטירער, וועלכע האבן פאר אונז דעם וועג אויסגעטרעטן.

און צווישן זיי און פאר זיי שיינט צו אונז ארויס די הערלעכע געשטאלט פון יידישן פראלעטאריער־רעוואלוציאנער, פראלעטאריער־מארטירער, די ליכטיקע געשטאלט פון הירש לעקערט!

„נ. פאלקסצייטונג". 1927. נומ' 132.

# אונזער סלאַוועק

**.1**



זא טבע האָט שוין יעדע מאַסן־באַוועגונג: זי זאַפּט איין אין אירע טיפענישן דעם איינצלנעם, פאַרצערט אין זיך די פּערזאָן, פאַרטרינקט מיט אירע הויכע כוואַליעס דעם יחיד, די אינדיווידואַליטעט. זיינע אַלע פעיקייטן, זיינע גאַנצע קענטע־נישן און געבענטשטע מעלות ווערן אויסגעזויגן, מכּוח איינגע־שלונגען דורך טויזנטער הונגעריקע מיילער פון דער נאָמענלאָזער מאַסע, זיי ווערן פאַרברויכט און פאַרצערט ווי א קרבן עולה אויף דעם מזבח פון דער מאָנענדער און אומאויפהערלעך פאָ־דערנדער באַוועגונג.

א בולטן אויסדרוק פון דעם דאָזיקן אומשטאַנד גיט אונז דער סימבאָל אין דער קריסטלעכער רעליגיע; ווען די גלויביקע עסן אויף דאָס פלייש און טרינקען אויס דאָס בלוט פון דעם יעניקן, הנעמען זיי פאַרגעטערן אַלס דערלייזער און משיח ער ווערט דורך זיינע גלויביקע פאַרצערט און אין דער גאַנצער מאַסע ווידער פאַרקערפּערט.

אין יעדער מאַסן־באַוועגונג ווערן די העלדן־פירער אויפגע־פלאַמט און איבערגעברענט אין די העלדישע מאַסן און די אינדי־ווידועלע כוחות, געדאַנקען און געפילן ווערן איבערגעשאַפן און צוריק פאַרלייגט אין קאָלעקטיוון אָרגאַניזם, מוח און האַרץ פון דער איין־און־איינציקער, פילקעפּיקער און טויזנטהאַרציקער, צעשפּרייטער און איינהייטלעכער פּאַרטיי.

אָבער אויך ער, דער פירער, דער איינצלנער, געניסט פון דער מאַסע, נעמט־אויף אין זיך איר ענערגיע, איר פּסיכיק, איר געשאַפענע אידעאָלאָגיע. זי איז דער גרויסער רעזערוואַר, פון וואַנען דער פּאָליטישער פירער שעפּט זיין באַגייסטערונג; איר קאָלעקטיווער ווילן שמידט־אויס זיין מוט, געפילן פון הונדער־טער ברויזן־אַרויס פון זיין האַרצן; דער צאָרן פון טויזנטער גלאַנצט־אַרויס פון די אויגן פון איינצלנעם.

דאָס איז אַ קאָנגזייטיקער פּראָצעס, אַ שטענדיקער מאַטעריע־און גייסט־אויסטויש צווישן די מאַסן און זייערע פירער.

אַזוי איז אין יעדער פּאָליטישער מאַסן־באַוועגונג, און שטאַרק און רעליעף טרעט דאָס אַרויס אויך אין אונזער אייגע־נער מאַסן־פּאַרטיי — אין „בונד".

אַזוי האָט אויך געלעבט, געלויכטן און איז אויסגעגאַנגען איינער פון אונזערע יינגסטע, באַגאַבטסטע און פון דער נאַטור אָנגעריכטסטן באַשאַנקענע — בראָניסלאַוו גראָסער. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין די פּאַרטיי־טיפענישן, האָט זיך באַהעפט מיט דער ברייטער אָרגאַניזאַציע, ער האָט זיין פלאַמיק האַרץ אויף שטיקער צעריסן און זיי צעוואָרפן, צעשפּרייט איבער דעם גע־דיכטן חושך, מיט זיין פייער האָט ער די דאָרנדיקע צווייגן אין וויסטן מדבר אָנגעצינדן און, פאַרשפּרייטנדיק אַרום זיך ליכט, איז ער אַליין אין זיין אייגענעם פייער פאַרצערט גע־וואָרן.

אָבער צונויפמישנדיק זיך מיט דער ברייטער פּאַרטיי־מאַסע, פאַרבאַהאַלטנדיק זיך אין שאָטן פון איר געדיכטעניש, האָט ער תמיד פון דאָרט אַרויסגעשטראַלט, ווי אַ לייכטנדער שטערן; האָט פון דאָרט אַרויסגעפינקלט, ווי אַ זעלטענער אבן־טוב, מיט אַלערליי קאָלירן פון זיין פילפאַרביקער און שיין געשליפענער נשמה.

* * *

דאָס איז געווען אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1906.

איך בין געקומען קיין ווארשע, לויטן אויפטראג פון צענטראלן קאמיטעט. צו יענער צייט איז שוין גראסער געווען און אנגע־זעענער פארטיי־מיטגליד. ער איז געקומען פון דער שווייץ, ווו ער פלעגט ארויסטרעטן מיט א גרויסן דערפאלג אין די סטו־דענטישע קאלאניעס און ווו ער האט אויך רעדאגירט דעם פוילישן ארגאן פון אויסלענדישן קאמיטעט פון „בונד"; ער האט אויך גענומען א גרויסן און אנגעזעענעם אנטייל אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג פון יאר 1905 אין ווארשע. איך אבער האב אים נאך פערזענלעך נישט געקענט און מיר איז ביז דאמאלט נישט אויסגעקומען זיך מיט אים אין ערגעץ צו טרעפן. אויף איינציקע זיצונגען פון ווארשעווער „קאמיטעט", וואס איך האב בייגעוווינט, האב איך גראסערן נישט געזען. פארוואס? ער איז נאך נישט געווען קיין קאמיטעט־מיטגליד. ער איז נאך געווען „צר־יינג" אין דער ארבעט. אזוי האבן מיר, לכל הפחות, די חברים פון קאמיטעט דערקלערט.

שפעטער־צו האב איך באזוכט א נידעריקערן פארטיי־אנ־שטאלט, דעם אזוי־גערופענעם „קאלעקטיוו". דארטן זענען גע־ווען פארטרעטן פארשטייער פון פארשידענע פאליטישע גרופן, אדער „אגיטאטארן", ווי מען האט זיי דאמאלט גערופן. ס'איז געווען א ברייטערע פארזאמלונג פון א מאן 18—20, כמעט אלע ארבעטער. די וויכוחים האבן זיך די גאנצע צייט געפירט אויף יידיש. איינער פון די אנוועזנדע, וועלכער האט שוין לאנג אויף זיך געצויגן מיין אויפמערקזאמקייט מיט זיין אינטערע־סאנטן, אינטעליגענטן אויסזען, האט געבעטן א ווארט. ער האט גערעדט רוסיש (אויף דער זיצונג זענען גראד געווען עט־לעכע צוגעפארענע פון ליטע און דרום־רוסלאנד, וואס האבן פויליש נישט פארשטאנען) מיט א דייטלעך פוילישן אקצענט. אבער ווי אזוי ער רעדט! וואס פאר א קראפט און איבערצייי־גונג, וואס פאר א שארפקייט אין דער פאלעמיק און אויפריכ־טיקייט אין טאן! דאס געזיכט בלאס, די אויגן גלאנצן מיט

א באַזונדער שיין, די שטים ווייך און דורכנעמענד, ממש פון האַרצן אַרויס.

— ווער איז׳ס? — האָב איך געפרעגט שטיל ביי מיין שכן.

— דאָס איז דאָך אונזער סלאַוועק. — האָט יענער מיר געענטפערט.

„אונזער סלאַוועק" — דאָס האָט געקלונגען מיט אַזויפיל ליבע, אַכטונג און שטאָלץ, אַז ס׳האָט זיך אין דעם ענטפער געפילט אַ פאַרבאַהאַלטענער, אָבער זיכערער באַוווסטזיין, דאָס „סלאַוועק" איז טאַקע אינגאַנצן „אונזערער", אַן אייגענער פון די יידישע אַרבעטער, זייער פאַרמעגן און זייער שפּייז, וועלכע זיי פאַרצערן אין זייער בלוט און מאַרך.

מעכאַניש, פאָרמעל, איז די פאַרבינדונג צווישן סלאַוועקן און די וואַרשעווער אַרבעטער געוועזן זייער אַ שוואַכע, אָפּגע־ריסן און צעטיילט. ער האָט אפילו מיט זיי זיך נישט געקאָנט פאַרשטענדיקן אויף זייער לשון און מען האָט געמוזט אָנקומען צו אַ פרעמדער שפּראַך. אָבער דאָס איז אַלץ געווען די אויסער־לעכע בלאָטע זייט פון דער זאַך. אינערלעך אָבער, פון די טי־פענישן פון די געפילן, האָבן זיך געצויגן אָרגאַנישע, אומצע־טרענבאַרע פעדים צווישן דעם פּויליש־אַסימילירטן „יידיש שטור־מען" אינטעליגענט און די קולטורעל שטומע יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געריסן צו פרייהייט און ליכט.

זייער דראַנג נאָך וויסן און פרייהייט האָט צו זיך מיט אַ מאַגנעטישער קראַפט געצויגן דעם יינגן רעוואָלוציאָנער און האָט זיך פאַרקערפּערט אין זיין ברוינדער, שטורמישער נשמה; זיין קלאָרער געדאַנק, אייזערנע לאָגיק און פעלזןפעסטע איבערצייי־גונג זענען זיך צעגאָסן און פאַרמירט געוואָרן אין אַ מעכטי־קער, דיסציפּלינירטער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

סלאַוועקס באַשיידנקייט אין דער אַרבעט, איז געווען ענג פאַרבונדן מיט זיין דיסציפּלינירטקייט, מיט זיין האַרמאָנישער אַריינפּאַסונג פון זיין „איך" אין דעם פּאַרטייכלל.

דער אײנגעלעכער באַװוסטזײן פֿון אַן אײנהײטלעכער שטאַרקער פּאַרטײ, האָט בײ אים איבערגעװויגן אַלע איבעריקע מאָטיװן. ער פֿלעגט זיך מיט אַ זעלטענער געהאָרכזאַמקײט בויגן אונטער אַלע באַשלוסן, מיט װעלכע ער פּערזענלעך האָט נישט מסכּים געװען. ער האָט פֿײנט געהאַט יעדע פֿראַקציאָנערקײט אין דער אַרבעט, און ער האָט געהאַלטן אַלס אַ גרויסן געװינס פֿאַרן „בונד" דאָס, װאָס ער איז נישט צעטײלט אין באַזונדערע פֿראַקציעס.

ער פֿלעגט גאַנץ שאַרף און בײסנד אַרויסטרעטן קעגן אַ קעגנערישער מײנונג (בכלל איז ער געװען אַ גלענצנדער פּאָלעמיסט), אָבער אין דער זעלבער צײט פֿלעגט ער אַרויסװײזן אַזױפֿיל חבֿרישע װײכקײט, פֿלעגט דעם קעגנער זײנעם אַזױ גוטמוטיק גלעטן מיט זײנע צאַרטע, גלאַנציקע אויגן, דאָס זײן פּאָלעמיק מיט די פּאַרטײ־חבֿרים האָט קײנמאָל נישט געדרײצט, האָט קײנעם נישט קענען זיך אָנגעצױגן, איז נישט געװען בײז און פֿאַרדריסיק.

דאַמאָלט האָבן זיך אין אונזערע רײען צעפֿלאַקערט הײסע װיכּוחים װעגן דער פֿאַראײניקונג מיט דער רוסלענדער ס.ד.־פּאַרטײ. די פֿאַראײניקונגס־באַדינגונגען זענען געװען לויט אַ קאָמפּראָמיס און קעגנזײטיקער נאָכגיביקײט פֿון בײדע צדדים. פֿיל חבֿרים האָבן אין דעם געזען אַ באַגרענעצונג, אַ באַשרענקונג פֿאַרן „בונד". סלאָװעק איז אויך געװען צװישן די „נײן־זאָגער". אין דער װאַרשעװער אָרגאַניזאַציע זענען צוליב דעם פֿאָרשטײענדיקן צוזאַמענפֿאָר, װאָס האָט באַדאַרפֿט באַשליסן די דאָזיקע פֿראַגע, פֿאָרגעקומען אַ גאַנצע רײע דיסקוסיע־פֿאַרזאַמלונגען. מיר איז אויסגעקומען צו פֿאַרטײדיקן דעם פֿאַראײניקונגס־פּראָיעקט, און סלאָװעקן — צו רעדן קעגן. נישט אײן שאַרף װאָרט זענען אין די װיכּוחים אַרויסגעזאָגט געװאָרן, נישט אײן מאָל האָט זיך דאָס בלוט צעהיצט, אָבער װי חבֿריש, װי סאָלידאַר און אומפּאַרטײאיש דאָס איז פֿון זײן זײט געמאַכט געװאָרן!

ווי פּאַרזיכטיק ער איז געווען בנוגע דער פּאַרטיי־גאַנצקייט, ווי געטריי ער האָט אָפּגעהיטן די איינהייטלעכקייט פון דער אָרגאַ־ניזאַציע.

און שפּעטער, ווען די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן צוריק אַריינטרעטן אין דער אַלג. פּאַרטיי, האָט סלאַוועק געוווּסט, וויאַזוי אונטערצוואַרפן זיין מיינונג דעם פּאַרטיי־באַשלוס און אַרבעטן אין גייסט פון די אָנגענומענע רעזאָלוציעס.

דאָס איז נישט בלויז מיין סוביעקטיווער איינדרוק. ביי אַלעמען, וועלכע האָבן פאַר דער צייט געאַרבעט מיט סלאַוועקן, איז פאַרבליבן אין זכרון די ווייכע און צאַרטע באַציונג, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן צו אַלע פּאַרטיי־חברים, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געטון די גרויסע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט—דעם עמאַנציפּאַציע־קאַמף פון מאַרטירערישן יידישן פּראָלעטאַריאַט

* * *

אויפריכטיקייט איז אַ נויטיקע אייגנשאַפט אין דער פּאָ־ליטיק, ווי אין דער קונסט. אויך דער פּאָליטיקער דאַרף אויס־שמידן מיט זיינע פייערדיקע ווערטער לייִדנשאַפטלעכע באַגערן. ער מוז ווי אַ סקולפּטאָר האַקן איבער דעם האַרטן מאַרמאָר פון די גרויסע מאַסן און זיי אויפלעבן און אויפרודערן. דערפאַר מוזן זיינע ווערטער אַליין קוואַלן פון האַרץ, זיי מוזן האָבן הינטער זיך דעם גאַנצן אינערלעכן מענטש. אויב די צוהערער פילן אַ פאַלשקייט אין רעדן, אויב דער רעדנער לעבט אַליין בעת מעשה נישט דורך דאָס, וואָס ער רעדט, קען דאָס באַין אופן נישט מאַכן דעם געהעריקן איינדרוק, גייט די ווירקונג פאַרלוירן.

סלאַוועק איז געווען אַ גרויסער קינסטלער אין רעדן. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז בעת ער פלעגט אַרויסטרעטן פאַר אַן עולם אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג, פלעגט ער אַליין אויפפלאַקערן מיט אַן אינעווייניקסטן פייער, פלעגט אַזוי טיף און אויפריכ־טיק דורכלעבן די ווערטער, וואָס ער פלעגט אַרויסרעדן, אַז

ער פלעגט די גאַנצע אווידיטאָריע אָנשטעקן מיט דער זעלבער התלהבות, פלעגט פשוט ציען נאָך זיך די צוהערער און שווין נאָכדעם זיי קנעטן, ווי אַ טעפער — ליים.

אָבער גרויסע, לעגאַלע פאַרזאַמלונגען ביי די צאַריסטישע פּאָליטישע אומשטענדן איז געווען אַ זעלטענע דערשיינונג: וואָלן צו די דומעס, אַן אַריינגעגעבעט וואָרט אויף אַ פרעמדער פאַרזאַמלונג און ענלעכע צופאַלן. דערפאַר איז טאַקע יעדער סלאַוועקס אַרויסטריט אויף אַזעלכע פאַרזאַמלונגען געווען אַ אמתער יום־טוב, פלעגט אויף לאַנג אויפרודערן די שטייענדיקע בלאָטע אין יידיש־פוילישן וועלטל און פלעגט לאָזן ביי די צו־הערער אויף לאַנג אַן אָנגענעמע דערינערונג טאַקע ווי פון אַ גרויסער קונסט־זאַך, וואָס אַ מענטש האָט געגאָסן און קען זי נאָך לאַנג נישט פאַרגעסן.

באַזונדערס שטאַרק איז ער געווען אין פּאָלעמיק. דאָ פלעגט ער דעם פּאָליטישן קעגנער ממש פאַרניכטן מיטן שאַרפן סאַר־קאַזם, וואָס פלעגט אַזוי נישט געקינצלט זיך רייסן פון זיין צונג, פלעגט מיט אַ שטאַרקער מאָראַלישער איבערצייגונג אויפ־דעקן די גאַנצע פאַלשקייט און צביעות פון די קלינגענדע פוסטע ווערטער און דער מאָראַלישער נצחון פלעגט שטענדיק בלייבן אויף זיין זייט.

פון לעצטן פעריאָד פון זיין טעטיקייט זענען ביי די על־טערע חברים אין וואַרשע פאַרבליבן צוויי גרויסע פאַרזאַמלונ־גען: איינע, וו ער איז אַרויסגעטרעטן קעגן די אַסימילאַטאָרן און האָט אויפגעקלערט דעם שטאַנדפונקט פון יידישן אָרגאַני־זירטן פּראָלעטאַריאַט, און די צווייטע — קעגן דעם יידישן „נאַ־ציאָנאַלן בלאָק”, קעגן דעם ציוניסטישן פירער נחום סאָקאָלאָוו. אויף ביידע פאַרזאַמלונגען האָט ער מיט אַזאַ טאַלאַנט, פייער און קראַפט צעקלאַפט די „טעאָריעס” פון די דערמאָנטע צוויי ריכטונגען, האָט אַזוי גלענצנד־איבערצייגנד, לאָגיש־איינפאַך אויפ־געקלערט די טאַקטיק פון „בונד”, אַז לאַנג נאָך שפּעטער האָט

מען אין וואַרשע גערעדט פון די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען. זיי האָבן דאָס סלאַוועקן געמאַכט אַזוי פּאָפּולער אין אַלע קרייזן: אין די פּלוטאָקראַטיש־סאַנאַציע־מילאַטאַרישע האָט מען מיט פאַרדרוס פון צאָרן גערעדט פון „יינגן גראָסערן", וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער „נאַציאָנאַליסטישער" קליפּה און די ברייטע מאַסן האָבן אין אים געזען זייער אייגענע, געשליפענע, שאַרפע צונג, — אַ צונג, וואָס שניידט און שטעכט, וואָס שטראָפט און רופט.

ביי נאָרמאַלע פּאָליטישע אומשטענדן, ווען אין פּאַרטיי־לעבן איז מעגלעך אַן אָרגאַניזירטע אַרבעטס־צעטיילונג, וואָלט סלאַוועק געווים געפונען זיין אָרט אויף דער עפנטלעכער פּאָליטישער אַרענע: אַלס רעדנער און פּאָליטישער אַגיטאַטאָר, פּראָפּאַגאַנדיסט אין ברייטסטן זין פון וואָרט. ביי אונז אָבער, ביי די קנאַפּע כוחות, וואָס מיר פאַרמאָגן, בפרט נאָך צו יענער צייט פון אומלעגאַלער, אונטערערדישער אַרבעט, האָט מען פון מענטשן גענומען דעם גאַנצן מאַקסימום, וואָס מען קען פון אים אַרויסציען. ס'איז קיין רייד נישט געווען און ס'האָט נאָך דאַמאָלט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן דיפערענצירונג, וועגן ספּעציאַליזירטע פונקציעס. די פּאַרטיי־משא איז געווען אַזוי גרויס, בעלנים זי צו שלעפּן זענען פאַרבליבן אַזוי ווייניק, אַז יעדער פאַרבליבענער האָט זיך געמוזט פאַרוואַנדלען אין דער אַזוי־גערופענער „פּאַרטיי־קלאַטשע", גייען אין שפּאַן, ביז וואַנען די כוחות האָבן געקלעקט און טון אַלץ, וואָס די אַרבעט האָט אין דעם מאָמענט געפאָדערט.

אויך סלאַוועקן איז אויסגעקומען פון יאָר 1910 צו שלעפּן דעם גאַנצן פּאַרטיי־וואָגן, צו אויספירן אַלערליי פּאַרטיי־פונקציעס, הערצו נאָך לעבן אומלעגאַל אין וואַרשע, ווו מען האָט אים געקענט אין פאַרשידענע ספערן. דאָס קען ברעכן דעם געזונטסטן אָרגאַניזם, דאָס קען אָוועקלייגן דעם שטאַרקסטן מענטש, בפרט, אַז סלאַוועק האָט זיך מיט קיין באַזונדער פיזישער געזונטקייט קיינמאָל נישט אויסגעצייכנט.

אויך די מאָראַלישע אַטמאָספערע איז דאַמאָלט אין וואַרשע געווען זייער אַ דריקנדע. דער „אָכראַנע" האָט זיך איינגעגעבן אַריינצופלאַנצן אין דער וואַרשעווער בונדישער אָרגאַניזאַציע דעם פאַרגיפטעטן שוואָם פון פּראָוואָקאַציע, אַרומרינגלען די גאַנצע אַרבעט מיט זשאַנדאַרמסקע אויגן פון אינעווייניק און מאַכן אויף אַזאַ אופן צו־נישט פון פיל באַמיונגען, פון זייער גרויסע אָנשטרענגונגען.

צו יענער צייט האָט זיך דאָס דאָזיקע נגע־צרעת שוין אַריינגעכאַפּט אין וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזם און האָט זיך שוין געגעבן צו פילן (שפּעטער־צו אין די יאָרן 1912—1913 האָט זיך די ווּנד צעגאָסן גאָר שטאַרק איבער דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע און האָט דאָרט אָנגעמאַכט מוראדיקע חורבות. איין „קאָלעקטיוו" פלעגט אַרעסטירט ווערן נאָך אַ צווייטן, יעדע אַרבעט פלעגט גלייך די „אָכראַנע" ווערן באַקאַנט. ווי עס ווייזט זיך איצט אַרויס, האָט די „אָכראַנע" געהאַט אין דער אָרגאַניזאַציע פאַרשיידענע „מיטאַרבעטער", גאַנצע גרופּן אַגענטן־פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס האָבן אונז אַזוי צעשטערט די גאַנצע אַרבעט). ס'איז נויטיק געווען די גרעסטע מאָס פאָרזיכטיקייט, די נערוון־אָנשטרענגונג איז דערצויגן געוואָרן ביזן העכסטן גראַד. און דווקא דאַמאָלט האָט סלאָוועק געאַרבעט מיט אַזאַ אימפּעט און ברען, ווי נאָך קיינמאָל נישט. צו יענער צייט האָט ער זיך אַזוי אָפּגעגעבן מיט ליב און זעל צו דער אַרבעט, אָפטמאָל צו קליינלעכע, וואָכעדיקע, אָבער זייער נויטיקע פּאַרטיי־ענינים, אַז זיי האָבן אים איינגאַנצן איינגעשלונגען, זיי האָבן אים פאַרוואָרפן מיט זייער שווערקייט און ער האָט זיי געטון מיטן זעלבן גלאַנץ, מיט דער זעלבער ברייטוויליקייט, ווי די גרויסע יום־טובדיקע, נחת־רוח פאַרשאַפנדע פּאַרטיי־ענינים.

דער גורל האָט מיך פאַרוואָרפן אויף אַ צייט, ווייט פון אונזער לעבן, האָט מיך אָפּגעריסן אויף עטלעכע יאָרן פון אונזער אַרבעט, זאָרג און נחת. אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער פון

שווערער תפיסה און גרויזאמען קלימאט, האט מיר דער פּאָליצייזדעפּאַרטאַמענט דערלויבט אין יאָר 1912 אָפּצופאָרן קיין אויסלאַנד אויף צו פאַריכטן דאָס געזונט. איך בין געקומען קיין וואַרשע. קיין איינעם פון די אַלטע באַקאַנטע האָב איך דאָ נישט געטראָפן. דאָס ווירקט געוויינלעך, זייער דריקנד אויף אַ מענטש. דו גייסט איבער די אַלטע גאַסן, קוקסט זיך צו צו די באַקאַנטע הויפן און בעת מעשה דוכט זיך דיר, אַז דו שפּאַצירסט איבער אַ בית־עולם, וווּ עס ליגן באַהאַלטן אַזויפיל נאָענטע און פריינט. דו קוקסט זיך צו צו די דורכגייער, פאָרשט אויס יעדעס פּנים — אַלע אַזעלכע פרעמדע, קאַלטע, אומבאַקאַנטע.

אין אַזאַ געדריקטער שטימונג האָב איך אַרומגעשפּרייזט איבער די וואַרשעווער גאַסן און געקוקט, געזוכט און געפאָרשט. ענדלעך האָב איך באַגעגנט אַן אַלטן באַקאַנטן. איך נעם זיך אויספרעגן אויף די, וועלכע איך האָב דאָ געלאָזן, פון קיינעם קיין זכר נישט: ווער ס'איז אינגאַנצן נישטאָ אין וואַרשע, ווער — אין טורמע, ווער — פון דער אַרבעט אַוועק. מיין אינפאָרמאַטאָר שטייט איצט אויך פון וויטן („געפערלעכע צייטן, גרויסע פּראָוואָקאַציעס"). „נאָר, גיט ער צום סוף צו, סלאָוועק איז איצט דאָ". דער דאָזיקער נאָמען האָט געווירקט, ווי אַ פייערל אין אַ שטאָקפינסטערן וואַלד. די לעצטע ידיעה, וואָס איך האָב געהאַט פון סלאָוועקן איז געווען פון משיטאַ, ערגעץ אין זאַבאַיקאַליע, מיט אַמאָל גאָר דאָ אין וואַרשע!

איך בין באַלד אַוועק אויף דעם מיר גוט באַקאַנטן אַדרעס פון „אַלטן גראָסער". די דינסט, וועלכע האָט מיר געעפנט איז געקומען אין גרויס פאַרלעגנהייט, אַז איך האָב איר געפרעגט אויף דעם יינגן גראָסער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז נישט לאַנג איצט באַפרייט געוואָרן ביזן געריכט פון „פּאַוויאַק". דער פּראָקוראָר אָבער האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָ האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ גרויסן העכט, און האָט באַשלאָסן

אים ווידער צו ארעסטירן. דערפאר האט סלאוועק געמוזט ווערן „אומלעגאל".

מיט גרויס פארזיכט האט מען אונז צונויפגעפירט. און באלד ביים ערשטן טרעפן זיך האב איך דערזעען, וואס פאר א פלאם ענערגיע עס שטראלט פון סלאוועקן, ווי ער ברענט פשוט אין דער ארבעט. ס'האט זיך דאמאלט געהאנדלט וועגן די הכנות צו די וואלן אין דער פערטער דומע, וועגן בילדן א סאציאליסטישן בלאק קעגן די נאציאנאליסטישע שטראמען, וואס האבן פארפלייצט דאמאלט פוילן. דער „בלאק" דאס איז גע־ווען סלאוועקס אידעע־פיקס, זיין חלום און אידעאל. ער האט גערעדט בכלל וועגן דער באפארשטייענדיקער ארבעט מיט אזא גלויבן און ענטוזיאזם, אז איך האב גאר פארגעסן בעת מעשה אן מיין קרענק, אין אויסלאנד, אן אלע פערזענלעכע אנגעלעגנ־הייטן און בין אנגעשטעקט געווארן פון דער הייסער ליידנשאפט, וואס האט אזוי ארויסגעבריזט אין ווערטער פון דעם יינגן, אבער שוין גאנץ קראנקן סלאוועקן.

סלאוועק האט וועגן זיין קרענק אפילו נישט געוואלט הערן. איך געדענק, ווי זיין פאטער האט אזוי דעליקאט בארירט די דאזיקע טעמע, אז סלאוועק איז בנוגע זיין געזונט נישט פארזיכטיק, אז ער וועט זיך מוזן קורירן. יענער האט זייער נערוועיש איבערגעריסן דעם דאזיקן געשפרעך און איז גלייך אריבער אויף ווייטערדיקע פלענער. און ער האט דאמאלט גע־שוויבלט און געוויבלט מיט פלענער. זיי אלע האבן זיך גע־דרייט ארום א לעגאלן יידישן ארגאן, ארום א גרויסער און גלענצנדער וואל־קאמפאניע אלס התחלה צו א נענטערע פארייניקונג מיט די פוילישע ארבעטער, לייגנדיק גרויסע האפענונ־גען אויף דער דאמאלסטיקער „לעוויצא פ. פ. ס."

מיר האבן זיך צעשיידט אויף א קורצער צייט. מיר האבן זיך אפגערעדט אין גיכן צו טרעפן. אנפאנג נאוועמבער נאך האב איך באקומען פון אים א בריוו מיט נייע קאמבינאציעס

וועגן דער אַרבעט. ער האָט פאַר מיר אין אים אפילו א טרעף־
פונקט שוין באַשטימט. מיטאַמאָל — אַ קורצע, שוואַרצע בשורה:
כלאָוועק איז געשטאָרבן! קאַטאַסטראָפאַל־אומפאַרשטענדלעך האָט
האָמאַלט די דאָזיקע ידיעה פאַר מיר געקלונגען, און אַזוי איז
זי פאַרבליבן נאָך גאַנצע 7 יאָר.

אומזיניקדהאַרט, אומפאַרשטענדלעך־קאַטאַסטראָפאַל.

„לעבנס־פראַגן". 1919. נומ' 276 און 284.

# אויפן פרישן קבר
(נאַדיאַ גרינפעלד)

ס'זענען פאַראַן מענטשן, וועלכע טראָגן אין זיך יאָרן־לאַנג זייער טראַגישן מזל. פאַר אַלעמען בולט קוקט ער אַרויס פון זייערע טיפע, מיט טרויער באַדעקטע אויגן, ער צאַפּלט זיך אין זייער געלעכטער, ער אַנטפּלעקט זיך אין זייער פּאַרנעם צו די אַרומיקע, אין זייערע באַוועגונגען, אין זייער הילוך — זייער גאַנץ וועזן איז מיט דעם אומבאַקאַנטן, שרעקנדן, אומפאַרמיידלעך־קומענדן דורכגעזאַפּט.

צו דעם דאָזיקן טיפּ מענטשן האָט געהערט די יונגע מאַרטירערין נאַדיאַ גרינפעלד.

שוין באַלד בײַ דער ערשטער באַקאַנטשאַפט אונזערער — מיט אַ יאָר 12—13 צוריק — האָט מיר געשראָקן דאָס טראַגישע אין איר אויסזען: אירע גרויסע אויגן, וועלכע האָבן געפערלט מיט אינערלעכן פּײַן, איר שמייכל, פון וועלכן עס האָט זיך אַ מיסטישער טרויער געשלענגלט, איר הויכע, שלאַנקע פיגור, וועלכע האָט געשפּרודלט מיט אויסגעשפּראָכענעם שמאַרץ.

אַז זי וועט איר לעבן אויף אַ נישט געוויינלעכן אופן ענדיק? — אין דעם בין איך זיכער געווען. און דעם זענען אויך זיכער געווען און האָבן זיך פאַר דעם שטאַרק געשראָקן אַלע אירע נאָענטע און פרײַנט. מיר אַלע האָבן געציטערט פאַר איר צאַפּלדיק לעבן, ס'זאָל נישט צעבראָכן ווערן, ווי מען שרעקט זיך פאַר דער גאַנצקייט פון אַ שיין־געפורמטער קינסטלערישער

קרישטאל־וואזע. מיר אלע האבן דעם אומפארמיידלעכן פאטום געזען שטיין הינטער אירע פלייצעס. און ענדלעך — איז די שעה געקומען, דאס אומגליק איז געשען: נאדיע איז אין אירע בליענדע יארן דערשאסן געווארן דורך די רומענער.

———

געבוירן און דערצויגן אין אן אינטעליגענטער, בורזשואזער פאמיליע (איר פאטער י. קעניגשאץ איז געווען פון די איינציקע יידישע אויספארשונגס־ריכטער און שפעטער בארימטער אדוואָקאט אין בעסאראביען), האט נאדיע שוין פון די קינדער־יארן איר אייגנארטיקע, קאמפליצירטע און טיף־פילנדע נאטור. זי פלעגט אָרגאניש נישט קענען פארטראגן דעם גלאטן שאבלאָן און פאלשן עטיקעט פון דעם רייך־געבילדעטן הויז. איר פלעגט טיף, ביזן גרונט פון איר נשמה, באליידיקן יעדע פאלשקייט, יעדער אפיציעלער שקר און זי פלעגט תמיד אויף דעם רעאגירן מיט איר התלהבותדיקן טעמפעראמענט. באזונדערס שארף איז ביי איר אין דער יוגנט געווען אנטוויקלט דאס געפיל פון נאציאָנאלער זעלבסטווירדע. זי פלעגט אויף יעדע באליידיקונג בנוגע איר יידישער אפשטאמונג רעאגירן מיט א זעלטענער דרייסטקייט און האט איין מאָל (ווי אירע עלטערן האבן מיר דערציילט) געמאכט א גרויסן „סקאנדאל" ביי זיי אויף אן אוונט, ווו עס האט זיך געפונען די סמעטענע פון דער קריסט־לעכער, קישינעווער אינטעליגענץ, בעת זי האט געהערט זיך אויסדריקן צווייידייטיק וועגן יידן.

די קליינע גימנאזיסטין האט שוין דאמאלט אויפגעפאסט מיט שטארקער אינטענסיוויטעט די עוולות און אומרעכט פון דעם גרויסן לעבן, פלעגט פון זיי ליידן, ווי דאס וואלט איר פערזענלעך אנגיין און פלעגט מיט א געוויסנהאפטער אויפריכטיקייט ארויסזאגן אן שום אפהאלט און פחדנותדיקער אויס־רעכענונג אלץ, וואס זי האט געהאלטן פאר אמת.

מען קען זיך פאָרשטעלן, ווי די געפילפולע נאַדיע האָט איבערגעלעבט דעם קישינעווער פּאָגראָם אין יאָר 1902, ווי דאָס האָט געקאָנט ווירקן אויף איר נשמה, וואָסערע קאָנפליקטן האָבן איר געפּייניקט, ביז זי האָט געפונען אַ גרויסע טרייסט — אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אין „בונד".

אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט נאַדיע געפונען אַן ענטפער אויף אַלע ספקות און שאלות, וועלכע האָבן איר געפּלאָגט, און זי האָט זיך מיט איר ליב און זעל, מיט איר גאַנץ וועזן, געוואָרפן אין דער דאָזיקער באַוועגונג. זי פלעגט מיט איר ענטוזיאַזם די הערצער פון די אָרעמיקע אָנצינדן, מיט איר שטורמישן גייסט די רו ביי די באַזאַכטע רויבן, אַלעמען אין דער אַרבעט מיט איר גריבלען און זוכעניש אָנשטעקן.

אויך דאָ, אין דער באַוועגונג, האָט נאַדיע נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין שאַבלאָן, קיין מיטלמעסיקייט, קיין פלאַכקייט. זי האָט אַלע איינפאַכע פראַגן צו פאַרטיפן געזוכט, אין זייער גרויסקייט פלעגט זי די פילפאַרביקייט אַרויסגעפינען און אין אַלץ אינערלעכע אינטימקייט אַריינטראָגן.

גרויס איז העריבער געווען די ווירקונג, וואָס „פרומע", די פּראָפּאַגאַנדיסטין האָט געהאַט אויף די יידישע אַרבעטער אין דרום־רוסלאַנד. יעדע פאַרלעזונג אירע פלעגט זיין פאַר זיי אַן עכטער יום־טוב, פלעגט זיי אויפהויבן אויף אַנדערע וועלטן, וועלכע זיי פלעגן שוין אין הארצן שטענדיק מיט זיך אַרומטראָגן און זיי פלעגן שוין אויך אָן דער אויסערגעוויינלעכער ?ערערין מיט איר האַרציקער, באַהנטער שטימע נישט פאַרגעסן. נאַדיע האָט זיך באַצויגן צו איר אַרבעט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער געוויסנהאַפטיקייט און שטרענגקייט. זי פלעגט צו זיך שטעלן אומגעהויער גרויסע פאָדערונגען און איר פלעגט זיך אַלץ דוכטן, דאָס זי איז נאָך נישט גענוג „צוגעגרייט" צו רעדן איבער דער אָדער יענער פראַגע. איידער יעדן אירן אַרויסטריט פאַר די אַרבעטער, ס'האָט געמעגט זיין וועגן דער

געוויינלעכסטער פראגע, פלעגט זי ערנסט ארבעטן איבער ביי־כער פון דער ערשטער קוועלע. זי פלעגט פאנאנדערוויקלען נייע זייטן און פלעגט נאך אלץ מורא האבן טאמער איז דאס נאך נישט גענוג „סאליד“, טאמער וועלן די ארבעטער פון דעם וויניק ארויסנעמען.

אויך אין דער פאליטישער ארבעט האט נאדיע שטענדיק געברענט, שטענדיק זיך ארומגעטראגן מיט דעם הייליקן ציטער, וועלכער דערלאזט נישט זיך אראפלאזן אין דער וואכעדיקייט, פארזינקען אין מעכאנישער מלאכה און זעלבסטצופרידנקייט.

א שטורמיש יאר האט נאדיע דורכגעמאכט אין אדעס אין יאר 1905. זי איז געשטאנען אין דער שפיץ פון דער בונדי־שער זעלבסטשוץ און איר באגייסטערונג און מסירת־נפש האבן געווירקט אנשטעקנד אויף אלע ארומיקע. און מיט נאדיען פלעגן זיי שוין מיט שמחה גיין אויף די געפערלעכסטע פאסטנס.

ס'איז לייכט צו באגרייפן, וואס פאר א שרעק און צרות די עלטערן אירע, וועלכע האבן זייער איינציקע געראטענע טאכטער היים געליבט, האבן באדארפט איבערלעבן אין יענער צייט. „איך בין געקומען (האט מיר אמאל איר פאטער דער־ציילט) קיין אדעס אויפזוכן נאדיען. קיין ברייוו האב איך פון איר נישט געהאט, בין איך אוועק אויף דער בונדישער בירזשע. איך האב זיך דערוווסט, אז מען רופט זי איצט פרומע און האב זיך גענומען אויף איר נאכפרעגן. אפנים מען האט מיר, דעם בורזשוי אין צילינדער, נישט שטארק געטרויט און די „חברים“ האבן מיך באגעגנט מיט בייזע בליקן. איך האב געזאגט, אז זי איז מיין טאכטער, איך מוז זי זען. איך האב זיך שטארק געשראקן פאר איר גורל און איך האב געבעטן, מיר זאגן דעם גאנצן אמת. ענדלעך האט מען מיך אריינגע־פירט אין אן ארעם הייזל, וועלכע איך וועל קיינמאל נישט פארגעסן. דארט איז מיין קינד געלעגן פארוווּנדעט פון א קויל אין פוס“. נאדיע האט אויך שטארק געליבט אירע עלטערן.

אָבער דאָס האָט איר נישט אָפּגעהאַלטן צו וואַרפֿן זיך אין געפּע־לעכסטן פֿייער, צו זיין שטענדיק אויפֿן ערשטן אָרט.

אין יאָר 1907 קומט נאַדיע צו פֿאָרן מיט איר מאַן, פּ. גרינפֿעלד, קיין קיעוו. די דאָרטיקע ס.אַ.צ. דעמ. אָרגאַניזאַציע (מענשעוויסטישע ריכטונג) האָט דאַמאָלט גרויסע קלעפּ באַקומען צוליב דער פּראָוואָקאַציע, וועלכע דער באַרימטער „אַבראַניק" קולאַבקאָ האָט דאָרט פֿאַרפּלאָנצט. איין קאָמיטעט נאָכן צווייטן פֿלעגט דורכפֿאַלן. און נאַדיע באַשליסט אַריינצוטרעטן דאָרט און אויפֿקשטעלן די געפֿאַלענע אָרגאַניזאַציע. נאַדיע ווייזט אַרויס אַן אומדערמידלעכע אַרבעט, אַ מוראַדיקע ענערגיע. די אָרגאַניזאַציע לעבט אויף. די „אָכראַנקע" ווערט געוויר דעם אמתן נאָמען פֿון נאַדיען און אין יאָר 1908 ווערט זי אַרעסטירט. צוליב גרויס פּראָטעקציע, וועלכע אירע עלטערן האָבן געהאַט אין פּעטערבורג, ווערט איר סיביר פֿאַרביטן אויף פּאָליציי־אויפֿזיכט אין איר געבורט־שטאָט קישינעוו, פֿון וואַנען זי פֿאָרט אָפּ אין יאָר 1910 קיין פּאַריז צו דערגענצן אירע קענטענישן און פֿאַרענדיקן איר בילדונג. זי טרעט אַריין אין אוניווערזיטעט און איר זוכנדיקע, גריבלענדיקע נאַטור ווייזט זיך אַרויס אויך אין דעם אויסוואַל פֿון געגנשטאַנדס־לימוד — פּסיכאָלאָגיע. זי ענדיקט איר פֿאַקולטעט גלענצנד און באַשעפֿטיקט זיך אויך שפּעטער מיט די זעלבע פֿראַגן, צו וועלכע זי האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס.

זי שטייט אויך נישט אָפּ פֿון דער פּאָליטיק. און ווען אין יאָר 1912 האָט זיך אַ טוער פֿון דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג פּאַטאַ דערלויבט אויסצודריקן אַנטיסעמיטיש וועגן די יידן, טרעט נאַדיע אַרויס אויף אַ גרויסן פּראָטעסט־מיטינג פֿאַר די פֿראַנצויזישע אַרבעטער און מאַכט מיט איר רעדן אַ גוואַלטיקן רושם אויף די פֿאַרזאַמלטע.

ווען אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אין די לעצטע יאָרן פֿון צאַריזם דאָס שענדלעכסטע און פֿינסטערסטע פֿון זיין סיס־

טעם — דער בייליס־פּראָצעס, האָט נאַדיע רוען נישט געקאָנט. זי האָט זיך געפילט פון דעם געטראָפן, ווי פון א גרויסער פּער־זענלעכער קאַטאַסטראָפע (זי האָט דעמאָלט געוווינט אין פּע־טערבורג) און פּובליקירט אין די ארבעטער־צייטונגען אן אָפּע־נעם בריוו צום באַרימטן רוסישן שרייבער וולאַדימיר קאָראָ־לענקאָ מיט א פאַרוווּרף, פאַר וואָס שווייגט ער, פאַר וואָס טרעט ער נישט ארויס אַלס פּאַרטיידיקער אין דעם פּראָצעס.

מען האָט געדאַרפט נאַדיען זען יענע צייט, ווי זי האָט זיך געצאַפּלט, ווי זי האָט רעאַגירט אויף יעדער ידיעה, אויף יעדע קלייניקייט אין פּראָצעס, כדי צו באַקומען א באַגריף אי־בער דעם עלאַסטישן, שפּילנדיקן און ציטערדיקן אַפּאַראַט פון איר פילן און רעאַגירן אויף געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען.

אין די יאָרן 1912—13 האָט נאַדיע זייער פיל געאַרבעט צווישן די פּעטערבורגער ארבעטער, האָט זיך שטאַרק געראַנגלט מיט דער דעמאַגאָגיע, מיט וועלכע די באָלשעוויסטישע פירער האָבן דאַמאָלט שוין פאַרסמט די סאָציאַליסטישע אטמאָספער. איר ווירקונג און אויטאָריטעט צווישן די ארבעטער איז געווען זייער גרויס און אפילו די פאַרביסנסטע באָלשעוויקעס פלעגן פאַר איר גרויס אָפּשיי האָבן.

פאַרן מלחמה־אויסבּרוך איז נאַדיע ארעסטירט געוואָ־ אויף דער גאַס און פאַרשפּאַרט געוואָרן אַלס געפערלעכע רע־וואָלוציאָנערין. דאָ האָט ווידער געהאָלפן פּראָטעקציע און באַלד נאָך מאָנאַטן זיצן האָט מען זי ארויסגעשיקט צו די עלטערן אין קישינעוו.

אָפּגעריסן דורך דער אָקופּאַציע פון דרום־רוסלאַנד, האָבן מיר פון נאַדיען קיין שום ידיעות נישט באַקומען. אָבער מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן, ווי זי האָט דורכגעמאַכט די „גרויסע רעוואָלוציע" און אויף וועמענס זייט זי איז געשטאַנען, בעת עס האָט זיך צעפלאַקערט די בלוטיקע מחלוקת צווישן פּראָלע־טאַריאַט איבער די וועגן און טאַקטיק.

איינם ווייסן מיר: די אויפריכטיקע און טיף־פילנדיקע נאַדיע האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן קאַלט און איינגעהאַלטן די ציניש צביעות און שענדלעכן שקר פון דער „ניי־מאָדנער" זעלבסטבאַשטימונג. זי האָט געוויס זיך שטאַרק געראַנגלט קעגן דער ווילדער רויבער־באַנדע, וואָס איז באַפאַלן קישינעוו. די ניי־געקומענע באַלעבאַטים האָבן גלייך אַרויסגעזען די סכנה, וועלכע עס שטעלט פאָר מיט זיך די יינגע סאָציאַליסטין. זיי האָבן זי פאַרשלעפּט מיט זיך איבערן דניעסטר און דאָרט אויף אַ מערדערישן אופן דערשאָסן.

אַ לעבעדיקע שטייט איצט פאַר מיר די געפאַלענע קעמפערין און קוקט, קוקט מילד און גוטמוטיק מיט אירע טיפע טרויער־אויגן אויף די עלנדע רומענישע זעלנער, וועלכע האַלטן קעגן איר אויפן באַפעל פון זייערע אייגענע באַדריקער די ביקסן אויסגעשטרעקט. זי רעדט צו זיי מיט איר האַרציקער שטימע און שליידערט פאַר זיי פייערדיקע ווערטער פון איר פלאַמענדיק האַרץ, ביז די קויל לעכערט דורך די ברוסט און זי פאַלט אויף איר אייגן בלוט אויף אייביק אַנטשוויגן.

„לעבנס־פראַגן", דעם 24־טן מאַי 1918.

אונטערגעשריבן: מ י כ אַ י ל.

# איינעם פון די טרייסטע
## (צום ערשטן יאָרצייט פון יוסף יאַנקעלעוויטש—יאַנעק)



פֿריינט דערקענט מען אין אַן עת־צרה. דאָס איז ריכ־טיק נישט נאָר בנוגע פּריוואַטע אָנגעלעגנהייטן. אויך אין פּאָ־ליטישן לעבן באַשטעטיקט זיך פֿולקאָם דער דאָזיקער כּלל. ווען דער מאָס איבערגעגעבנקייט און טרייִשאַפֿט פֿון די חברים דאַרף מען נישט אורטיילן לויט זייער אַרבעט אין דער צייט, ווען דאָס פּאָליטישע לעבן בליט און גלאַנצט. אַן אַרבעט, וואָס פֿאָדערט נישט קיין באַזונדערע אָנשטרענגונג, קיין באַדייטנדע קרבנות, קיין שום מסירת־נפש, געפֿינט תּמיד פֿאַר זיך אַ סך בעלנים, דאַמאָלסט שטויסן און שטופּן זיך צו דער אַרבעט צענטליקער און הונדערטער פּערזאָנען. מען פֿאַרשרייבט זיך אַלס מיטגליד, מען קומט אויף פֿאַרזאַמלונגען, מען צאָלט איין דעם קליינעם שטייער און דערמיט שוין יוצא געווען פֿאַר זיך, פֿאַרן אידעאַל, פֿאַר דער גרויסער זאַך, וועלכער מען דינט. אין אַזאַ צייט צו זיין אַ מיטגליד איז נישט פֿון די שווערע זאַכן. דאָס וואַסער שטראָמט אויף די רעדער פֿון דער באַוועגונג, גייען מענטשן מיטן שטראָם, ווערט די „פּאַרטייִשאַפֿט" אַפֿילו אַ מאָדע, ביי וועלכער יעדער ייִנגער מענטש רעכנט פֿאַר נויטיק צו האַלטן זיך.

די אמתע טרייִשאַפֿט און איבערגעגעבנקייט ווייזט זיך ערשט אַרויס דאַמאָלסט, ווען עס קומען־אָן שווערע צייטן, ווען אויף דער באַוועגונג שיטן זיך קלעפּ און רדיפֿות, ווען יעדע סאָ־

ציאַליסטישע אַרבעט איז צונויפגעבונדן מיט יסורים און סכנות, און צו זיין אַ פּאָליטישער מיטגליד פאָדערט זיך אַ גרויסע מסירת נפש און זעלבסטפאַרלייקענונג. דער שטראָם פאַלט אָפּ, מאַסנ־ווייז, פאַרלאָזט מען אין בהלה די רייען, די כוחות ווערן קנאַ־פּער, די אַרבעט־העגט — געמינערט. דאַמאָלסט טרעטן ערשט אַרויס אויפן אויבנאָן די טרייע, די פאַרבליבענע. מיט זייער מסירת־נפשדיקער איבערגעגעבנקייט האַלטן זיי אונטער דעם פּאַרטיי־בנין, מיט זייער אָפּפּערוויליקייט דאַפּלען זיי די פּראָ־דוקטיוויטעט פון דער אַרבעט, מיט זייער מוט און ענערגיע דינען זיי אַלס מוסטער פאַר די שוואַכע, פאַר די צעשראָקענע. זייער אייגענער „איך" פאַסט זיך האַרמאָניש איין אין דעם גרעסערן, קאָלעקטיוון „איך". זיי גיסן צונויף זייער פּערזענלעך לעבן מיט דער פּאַרטיי, זי ווערט פאַר זיי זייער לעבן, זייער פריינט, זייער נשמה.

יחידי סגולה זענען אַזעלכע טרייע. איינציקע זענען זיי די איבערגעגעבענע. און צווישן די דאָזיקע געציילטע און איינצל־נע האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט יאַנקעלעוויטש—יאַנעק.

* * *

איך האָב זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן מיט יאַנעקן אין יאָר 1913. די גאַנצע צענטראַלע אַרבעט האָט זיך דאַמאָלסט קאָנצענטרירט אין פּעטערבורג. אויף דער פּראָווינץ איז אומ־מעגלעך געווען אַרויסצוגעבן אַן אָרגאַן אויף יידיש. די „צייט" פלעגט דערשיינען וועכנטלעך אין פּעטערבורג און פאַנאַנדער־געשיקט ווערן אין יידישן תחום. מען האָט זיך אָבער נישט געקאָנט באַפרידיקן מיטן לעגאַלן אָרגאַן אַליין. די רעאַקציע האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים און האָט געשטעלט די צייטונג אונטער אַ באַזונדער השגחה. פאַר יעדן קלאָרן געדאַנק, פאַר יעדער שאַרפערער פראַזע — שטראָפן, קאָנפיסקאַציעס און אַרעסט פון רעדאַקטאָר. מען האָט געמוזט רעדן אין דער צייטונג פאַר־זיכטיק, בלשון סגי־נהור. עס זענען אָבער געווען פראַגן, וואָס

האָבן געמוזט קלאָר באַלויכטן ווערן, עס זענען געווען געשעע־גישן, אויף וועלכע מען האָט נישט געקאָנט נישט רעאַגירן שאַרף.

מען האָט דעריבער געמוזט אַרויסגעבן פון צייט צו צייט אויך אומלעגאַלע בלעטלעך, ווו מען האָט זיך נישט געהאַרפט רעכענען מיט קיין שום צווימען און מויל־שלעסער. אָבער דרוקן דאָס אין פּעטערבורג איז געווען אוממעגלעך. מען האָט מיט גרויסע שוועריקייטן קוים דאָרט באַקומען אַ יידישע דרוק פאַר דעם לעגאַלן אָרגאַן. אגב וואָלט פון פּעטערבורג געווען שווער דאָס פאַנאַנדערשיקן די ליטעראַטור אויף דער יידישער פּראָווינץ. מען האָט דעריבער זיך אָפּגעשטעלט אויף וואַרשע, פאַר־קניפּט דאָ פאַרבינדונגען מיט יידישע דרוקערייען, וואָס פלעגן דרוקן די אומלעגאַלע ליטעראַטור. פאַרשטייט זיך, פאַר אַ שיי־נער מטבע.

איינאָרדנען דאָס ווי געהעריק איז און פאַרמיטלען צווישן דער „טעכניק" און צ. ק. האָט גענומען אויף זיך יאַנעק.

וואַרשע איז דאַמאָלסט געווען אין פּאָליציי־אישער הינזיכט אַ געפערלעך אָרט. דער „אָכראַנע" האָט זיך איינגעגעבן אוים־שפּרייטן פלינק און קונציק איר נעץ פאַר די בונדישע טוער. די מכה פון פּראָוואָקאַציע האָט זיך טיף איינגעגעסן אין דער אָרגאַניזאַציע. „העגעך מעטאַלאָוויעץ", נאַכימזאָן און נאָך איי־ניקע פּראָוואָקאַטאָרן האָבן זיך דערקליבן ביז די פּערזאָנען, וועלכע זענען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע און האָבן אָנגעמאַכט אין איר אַ גרויסן חורבן. איין „קאָלעק־טיוו" נאָכן צווייטן איז דורכגעפאַלן, איין פאַרזאַמלונג נאָך דער צווייטער איז אויפגעדעקט געוואָרן. ווער גיט אַרוים? ווער פאַראַט? שווער איז געווען פעסטצושטעלן דעם שולדיקן, אָנ־טאַפּן דעם פאַרברעכער. ביי אַזאַ מצב ווערט גרוים די דעמאָ־ראַליזאַציע. מען באַציט זיך צו די נאָענטסטע חברים מיט

גרויס חשד. מען קוקט איינער אויפֿן צווייטן מיט באַליידיקנדן אומצוטרוי.

ס'איז דעריבער נויטיק געווען אָנצונעמען עקסטרע מיטלען וועגן דער טעכניק, זיין באַזונדערס פֿאָרזיכטיק ביים אָפּנעמען און פֿאַנאַנדערשיקן די בלעטלעך. די דאָזיקע גאַנצע אַרבעט איז פֿולקאָם אָנפֿאַרטרויט געוואָרן יאַנעקן. שטיל, באַשיידן, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל אויף די ליפּן, פֿאַרהאָרעוועט, פֿאַרסאַפּעט טראָגן אויף זיך, אונטערן פּאָלטן, גאַנצע פּעק פּראָקלאַמאַציעס, פֿלעגט ער אויספֿירן זיין שליחות, זיך דינגען מיט די דרוקער, אויסגעפֿינען דירות, ווו זיי וועלקצולייגן און אויסקלייבן מענטשן, וועלכע זאָלן זיי פֿאַנאַנדערפֿירן אין פֿאַרשידענע שטעט.

— צי זענט איר זיכער אין אייערע מענטשן.

יאַנעק פֿלעגט מאַכן אַ באַשיידענעם זשעסט: „איר מעגט זיין רואיק". און ווירקלעך האָט יאַנעק אין זיין אויסוואַל זיך קיינמאָל נישט געטעוס אין די מענטשן, וועלכע ער האָט אָנ־פֿאַרטרויט פֿאַנאַנדערצושיקן די ליטעראַטור, זענען טאַקע גע־ווען פֿון די בעסטע.

שפּעטער, אָנהויב מלחמה־אויסברוך, בעת עס האָט זיך געבילדעט די „ראַדע" פֿון „בונד", „לעוויצאַ" און „פּ. ס. ד." האָט יאַנעק איבערגענומען צו דרוקן אויך אירע אויסגאַבן אויף יידיש. און פֿלעגט עס פּינקטלעך אויספֿירן.

בכלל האָט יאַנעק יעדע אַרבעט, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך, אויסגעפֿירט גרינטלעך, שטיל און באַשיידן. אָן אי־בעריקע ווערטער און פּראַזן. אויף דער אַרבעט האָט ער גע־קוקט אינגאַנצן, ווי אויף זיינער אַן אייגענער זאַך און האָט זיך אינגאַנצן אויפֿגעצערט אין דער פּאַרטיי.

זיין גאַנץ לעבן האָט ער אָפּגעגעבן דעם יידישן פּראָלע

טאריאט. און דעריבער וועט דער יידישער פראָלעטאריאט אים אויפנעמען אין זיין זכרון און וועט אויסקריצן זיין נאָמען אין אייביקער געדעכעניש.

געשריבן אין „מאָרגנשטערן“, דעם 21־טן יאַנואַר 1921. נומ׳ 3.

# מעדעם —
# דער מענטש און טוער

### 1.

וין נישטאָ מעדעם! דער דאָזיקער אומבאַשטרייטבאַרער פֿאַקט דריקט פֿײַנלעך שווער מיט זײַן אומזיניקער גרויזאַמקייט אויפֿן מאַרך. דער דאָזיקער באַוווּסטזײַן פֿאַרשאַפֿט אַזאַ אַנ־מעכטיקן פֿאַרדרוס און ברענענדיקן ווייטאָג, אַז ס'איז אוממעג־לעך, כּמעט אַ חילול הקודש, איבערצוגעבן דאָס, וואָס מיר לעבן איצט איבער מיט בלאָסע ווערטער.

אַזאַ אומזיניקער, צעשמעטערנדיקער אַקט, ווי דער טויט פֿון וולאַדימיר מעדעם, איז לויט זײַן מהות אַזוי איראַציאָנעל, אַזוי זינלאָז, אַז מען קאָן דערויף מיטן איינפֿאַכן פֿאַרשטאַנד נישט רעאַגירן, נישט מעסטן עס מיטן קריטעריום פֿון לאָגיק און געזעצמעסיקייט.

איך ווייס — מעדעם איז נישט געשטאָרבן. דאָס, וואָס ער האָט אונז שוין געגעבן, דאָס, וואָס ער האָט אונז בירושה געלאָזן, די דערינערונג, וואָס דערוועקט זיך ביי אונז מיטן קלאַנג „מעדעם", דאָס איז קיינער נישט אימשטאַנד ביי אונז אָפּצונעמען, אַפֿילו דער אַלמעכטיקער טויט אַליין.

מעדעם איז נישט געשטאָרבן — אַזוי ווי עס לעבן פֿיל קונסט־ווערק, גרויסע געדאַנקען און מוזיקאַלישע סימפֿאָניעס, הגם זייערע שעפֿער און טרעגער זענען שוין לאַנג אויף דער וועלט נישטאָ.

מעדעם איז נישט געשטאָרבן — ווייל ער איז אַריינגע־דרונגען טיף אין אונזערע נשמות, האָט געלאָזן טיפע שפּורן אין אונזערע הערצער און וועט נאָך לאַנג באַגייסטערן די גאַנצע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג.

אין דעם זין קענען מיר דרייסט, מיט געהויבענע קעפּ, זאָגן דעם אכזריותדיקן טויט: ווו איז דיין גיפט? מיר האָבן פאַר דיין שליטה קיין מורא נישט.

אָבער נישטאָ מעדעם! שוין נישטאָ די לעבעדיקע, שיינע פּערזענלעכקייט, וועלכע פלעגט אונז פאַרשאַפן אַזאַ גרויסן נחת־רוח מיט זיינע שטאָל־שאַרפע געדאַנקען און בריליאַנטן געשליפטע ווערטער; מיר וועלן שוין מער נישט הערן זיין קינדעריש געלעכטער, ווי קלינגענדיקע גלעקלעך; מיר וועלן שוין מער נישט לייענען זיינע, שיין געפאָרמטע און מיט רייכן אינהאַלט באַלאָדענע אַרטיקלען.

מעדעם אַלס פּאָליטישער טוער, מעדעם אַלס סאָציאַליס־טישער דענקער, איז ביי אונז פאַרבליבן און וועט אויף לאַנגע דורות נאָך בלייבן לעבן. אָבער מעדעם אַלס מענטש, מעדעם אַלס קאָסטבאַרע כלי, וואָס האָט געטראָגן אין זיך די דאָזיקע געדאַנקען און אַרויסגעבראַכט די אַקטיווע מעשים, — מעדעם אַלס אויסערלעכער שיינער לבוש, איז שוין נישטאָ, אים האָבן מיר אויף אייביק פאַרלוירן. און דערפאַר איז אַזוי גרויס דער שמערץ, דערפאַר אַזוי ברענענדיק דער ווייטאָג.

און נאָך איין פיינלעך געפיל, די קאַטאַסטראָפע, וואָס איז געשען מיט דער קאָסטבאַרער, קריישטאָלענער כלי, וועלכע האָט אויפגעהאַלטן אין זיך דעם אומשטערבלעכן „מעדעם", האָט ביי אונז אויך אַוועקגעטריבט פיל פון דעם, וואָס ס'האָט גע־קאָנט ווערן אומשטערבלעך און ס'איז איצט זינלאָז אומגעקו־מען.

מעדעם איז געשטאָרבן אין זיינע בליענדיקע יאָרן. ער האָט נאָך געקאָנט אונז פיל געבן און פיל פאַר אונז שאַפן.

וויפיל האפענונגען האבן מיר נאך געלייגט אויף דער פרוכט־באַרקייט פון זיין טאַלאַנט, וויפיל שיינע צוזאָגן האָט אונז זיין אַקטיווע אַרבעטס־פעיקייט נאָך געגעבן! און פּלוצלונג — אַזאַ חורבן! אומגעריכט אַזאַ קלאַפּ!

דער באַוווסטזיין, אַז צוזאַמען מיטן אויסערלעכן לבוש פון שטערבלעכן מענטש, זענען אויך באַגראָבן געוואָרן אין דער ערד אַ סך גרויסע און שיינע געדאַנקען, וואָס האָבן געקאָנט און געהאַט ווערן דאָס אייגנס פון אונז אַלע, דער קנין פון דורות — דער דאָזיקער באַוווסטזיין שמאַרצט און ברענט, רייצט און פייניקט.

ס'איז שווער, אוממעגלעך צו געבן אַן אומפּאַסנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון מעדעמען דעם מענטש פאַר די, וועלכע האָבן מעדעמען פערזענלעך נישט געקענט. אַזוי ווי ס'איז שווער אַ־בערדערציילן און ווערטער די שיינקייט פון אַ בעטהאָווען־סימפּאָניע פאַר די, וועלכע האָבן זי אַליין נישט געהערט. מוזיק מוז מען אַליין מיט די אייגענע אויערן פאַרנעמען, כדי צו דער־קענען מעדעמען האָט מען געדאַרפט פערזענלעך קומען מיט אים אין באַרירונג.

ער איז באמת געווען אַ זעלטענער אינסטרומענט, וועלכער פלעגט אַזוי פילבאַר רעאַגירן אויף אַלץ אַרום און פלעגט אין דער זעלבער צייט אַרויסרופן אַ טיפן אָפּקלאַנג ביי די אַרומיקע. ער האָט אין זיך געטראָגן אַ גרויסן אוצר פון ליכט און פאַרבאָרגענער שיינקייט און דאָס פלעגט פון אים אַרויס שטראַלן, זיך אַרויסרייסן ממש מיט אַ סטיכישן כוח.

מעדעם איז געווען אַן אַריסטאָקראַט, אַ שאַרף אויסגע־שפּראָכענע פערזענלעכקייט. די פלאַכקייט און גרויע טאָג־טעג־לעכקייט פלעגן אים מאַטערן און פאַרשאַפן ממש פיזישע יסו־רים. ער האָט רק געזוכט דאָס שיינע, דעם יום־טוב אין לעבן. אָבער מעדעם איז נישט געווען קיין אינדיווידואַליסט אין בורזשואַזן זין פון וואָרט.

ער האָט געוואָלט דאָס שיינע, דאָס גרויסע, נישט בלויז פאַר זיך, נישט פאַרן אייגענעם געניוס, נאָר פאַר דער מאַסע, פאַר אַלע מענטשן. זיי האָט ער געגאַרט אויפצוהייבן אויף אַ העכערע מדרגה. אין דער מאַסע צו דערוועקן דעם מענטש — דאָס איז געווען זיין טיפסטער באַגער.

מעדעם האָט שטאַרק ליב געהאַט קונסט, טעאַטער און מוזיק. ביי אַזעלכע עסטעטישע גענוסן פלעגט ער פשוט אויפבליען, ווי אַ בלום פון דער זון. „אַ מחיה!" — דאָס איז געווען זיין שטענדיקער אויסדרוק אין אַזעלכע פאַלן. אָבער באַלד פלעגט ער צוגעבן: ווען וועלן שוין דערפון די אַרבעטער געניסן? ווען וועט דאָס שוין ווערן אַ מאַסן־געברויך? אין דעם זין איז מעדעם געווען אָרגאַניש אַ סאָציאַליסט. זיין גאַנצע פסיכיק איז געווען אַ קאָלעקטיוויסטישע; ער האָט אַלץ מיטגעלעבט און מיטגעמאַכט אין און מיט די מאַסן.

און די דאָזיקע איינשטעלונג צו זוכן און אַנטפּלעקן אין דער מאַסע דאָס גרויסע, דאָס האַרמאָנישע, האָט אים אויך געמאַכט פאַר אַן אויסערגעוויינלעך דיסציפּלינירטן חבר. עס איז זעלטן צו געפינען אַזאַ שטרענג־דיסציפּלינירטן מענטש, ווי מעדעם איז געווען. ס'איז בעסער צו זינדיקן צוזאַמען מיט די מאַסן, איידער צו זיין אַ צדיק פאַר זיך — דאָס איז געווען ביי אים אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו אין אַלע פאַלן פון פּאַרטיי־פּאָליטיק און טאַקטישע חילוקי־דעות...

און די דאָזיקע איינשטעלונג האָט אים אויך געטריבן, ביי זיין גאַנצער פאַרצווייגטער פּאָליטישער און ליטעראַרישער טעטיקייט, צו קולטור־אַרבעט, צו דער מאָדערנער יידישער שול, צו עסטעטישער דערציונג פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן.

ווי אַזוי קומט מעדעם צו זיי? וועלכער געהיימער כוח האָט אים, דעם פּראַוואָסלאַוונעם סטודענט, אַרויסגעשטויסן פון יענער סביבה, וווּ מען האָט געקוקט מיט פאַראַכטונג אויף די יידישע מאַסן, וווּ מען האָט איבערגעריסן אַלע פעדים, וואָס

האָט זי אַמאָל פֿאַרבונדן מיט ייִדן און איִם אַריינגעוואָרפֿן אין דער גדיכטעניש פֿון די דאָזיקע אָרעמע, פֿינסטערע מאַסן?

וואָס האָט איִם באַוויגן אין יענער צייט, ווען דאָס רוב כּאַציאַליסטן האָבן זיך געהאַלטן ביי דער אַסימילאַטאָרישער שיטה און האָבן נישט דערלאָזן דעם געדאַנק פֿון אַ מאָדערנער ייִדישער קולטור, וואָס האָט איִם דאַמאָלט געצוווּנגען זיך אָפּצוזאָגן פֿון אַזאַ ברייטער, גרויסער וועלט, מיט אַזעלכע גלענצנדיקע מעגלעכקייטן פֿון אַ סאָציאַליסטישער קאַריערע און זיך פֿאַרשליסן אין ייִדישן תּחום און זיך אַליין באַשרענקען מיט דער טעטיקייט צווישן די ייִדישע אַרבעטער?

מערדעם איז געקומען צו אונז, מערדעם האָט זיך אַסימילירט מיט די ייִדישע מאַסן נישט אַלס בעל־תּשובֿה, נישט אַלס געבראָכענער אינטעליגענט, וועלכער קומט אַפּצאָלן אַן אַלטן חובֿ דעם פֿאָלק. ניין, געבראָכנקייט איז איִם לחלוטין פֿרעמד געווען.

אין פּריוואַטע שמועסן פֿלעגט מערדעם אַליין ענטפֿערן אויף די אויבנדערמאָנטע פֿראַגן אַזוי: איך ווייס נישט. איך האָב זיך שטענדיק געפֿילט בעסער צווישן די ייִדישע טוער. מערדעם האָט אָנגעהויבן זיין סאָציאַליסטישע טעטיקייט אין ייִדישן תּחום און דאָ האָט ער דערזען, דערשפּירט מיט אַלע זיינע חושים דעם גרויסן עלנט, די שרעקלעכע שפֿלות, די מוראַדיקע נידערגעפֿאַלנקייט פֿון די ייִדישע אַרבעטער און ער האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז דאָ איז ער נויטיקער, דאָ איז ער נוצלעכער, דאָ האָט ער אַ טיפֿערן באַדן צוצואַקערן און ער האָט זיך באַהעפֿט, באַהעפֿט מיט לייב און זעל, מיט די דאָזיקע פּראָלעטאַרישע מאַסן. האָט זיך אויסגעלערנט זייער שפּראַך, האָט זיך דורכגעזאַפּט מיט זייער קולטור, ער האָט זיי אין זיך אויפֿגענומען און זיך אין זיי איבערגעגאָסן.

מערדעם איז געקומען צו די ייִדישע אַרבעטער אַלס שטאָלצער, נייער און פֿרייער מענטש. איִם איז געווען פֿרעמד די

אלטע יידישע הכנעה און די גלות־געבראכנקייט. ער האט אבער אויך נישט געקאנט פארטראגן די אתה־בחרתנו־אידעאלא־גיע פון אונזערע נאציאנאליסטן מכל המינים. ער האט גע־שטרעבט אריינצופירן דעם באפרייטן יידישן ארבעטער, ווי א גלייכן אין דער פראלעטארישער משפחה און דערהויבן זיין קולטור צו דער מדרגה פון א טיכטיקן, ווערטן־שאפנדיקן פאק־טאר.

און טאקע זיין לעבנסדבאגער גלייכצובארעכטיקן דעם יידישן פראלעטאריאט אויף אלע געביטן פון זיין לעבן האט אים אזוי צוגעבונדן, האט אים אזוי פארקניפט מיטן „בונד". מעדעם האט אים געליבט, ווי א צארטע מוטער ליבט איר ציטעריק קינד. אים האט ער ווירקלעך געדינט מיט א טריי־שאפט אן גרענעצן, וועגן וועלכער פיל פון אונז „שווערן", אבער נישט אלע פירן דאס אויס. מעדעם האט אין „בונד" געזען דעם טיכטיקסטן כלי־זין פאר דער באפרייונג פון יידישן פרא־לעטאריאט און פאר דער דערהויבונג פון דער מאדערנער יידי־שער קולטור. די דאזיקע ליבע צום „בונד" האט אים אויך פארטריבן פאר די לעצטע צוויי יאר קיין אמעריקע, ווו ער איז אומדערמידלעך ארויסגעטרעטן אויף מיטינגען, פארזאמ־לונגען, מיט רעפעראטן לטובת דעם „בונד" אין פוילן און ווו ער האט אויסגעהויכט זיין לעצטן אטעם מיט דער איבערגע־געבנקייט און טריישאפט זיין פארטיי און דעם יידישן פרא־לעטאריאט.

„פאלקסצייטונג". 1923. נומ' 11.

# זאָל די זון נישט פאַרגיין!
## (צום דריטן יאָרצייט פון וולאַדימיר מעדעם)

.2

נישט קיין געבראָכענע טרויער־געדאַנקען פון אבלים, נישט קיין בית־הקברות־שטימונגען פון פאַריתומטע רופט אַרויס ביי די יידישע אַרבעטער דער יאָרצייט פון וולאַדימיר מעדעם. נישט צו פאַרלוירנקייט, צו אונטערגאַנג און טויט זענען געווענדעט זייערע אויגן אינם געדענק־טאָג פון זייער פאַרשטאָרבענעם פירער.

אדרבא, דער נאָמען מ ע ד ע ם פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל לעבן, אַזוי פיל שעפערישן רייץ. די פערזאָן פונם פאַר־שטאָרבענעם האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך אַזאַ גרויסע עשירות פון עכטקייט, שיינקייט און אַקטיווקייט, דאָס ס'איז גענוג צו דערמאָנען זיך אין דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעכער פערזענ־לעכקייט, אַז ס'זאָל זיך הויבן דער חשק צו לעבן, אַז ס'זאָל וואַקסן די אַקטיווקייט און ס'זאָל שטאַרקער ווערן דער דראַנג צום קאַמף, אַרבעט און שאַפן!

מעדעם — דאָס איז פאַר די יידישע אַרבעטער אַ העלע בשורה פון אַ האַרמאָנישער, יידיש־פּראָלעטאַרישער פערזענלעכ־קייט. אַ קלינגענדיקער רוף צום שטאָלצן זעלבסטווערט פון יידישן אַרבעטער, אַ זוניקער סימבאָל פון דערוואַכטער און באַגייסטערטער יידישער קולטור.

און טאָקע ווייל די באַרירונג מיט מעדעמס לעבן און שאַפן צינדט־אָן אַ הייליקע בענקשאַפט ביי די יידישע אַרבעטער צו אַ שענערן, בעסערן לעבן, ווייל די געדאַנקען וועגן דער פאַר־זענלעכקייט פונם פאַרשטאָרבענעם יידישן סאָציאַליסט רופן אַרויס ביי אונז אַלע שטאָלץ און באַגייסטערונג, ווייל זיין מערקווירדיקע לעבנס־געשיכטע איז פאַר אַלע סאָציאַליסטן אַ

גלענצנדיקער מוסטער, ווי אַזוי צו לעבן און קעמפן פאַר דער פראָלעטאַרישער זאַך, פאַרוואַנדלט זיך דער טרויער־טאָג נאָכן פאַרשטאָרבענעם פירער אין אַ שעפערישן אַקט פון פראָלעטאַרישער אַקטיוויקייט, אין אַ דערמונטערנדיקער דערשיינונג פון רעוואָלוציאָנערער פּראָדוקטיווקייט און קולטורעלן ענטוזיאַזם.

דאָס איז דער רעוואָלוציאָנערער זין פון די „מעדעם־פייע־רונגען", אָן דעם איז די פּאָזיטיווע באַדייטונג פון די טרויער־פאַרזאַמלונגען, וואָס ווערן צונויפגערופן אויף דעם 9־טן יאַנואַר, אינעם טאָג ווען מיר האָבן מעדעמען פאַרלוירן.

שווער, שרעקלעך שווער, איז געווען דער קלאַפּ, וואָס מיר האָבן באַקומען מיט דריי יאָר צוריק אין יענעם טאָג. דער טויט האָט אַרויסגעריסן פון אונזערע רייען דאָס בעסטע און גרעסטע. אָבער דאָס לעבן איז שטאַרקער פאַרן טויט, און וואָס ס'איז אונז איינמאָל אין לעבן געגעבן געוואָרן, קאָן שוין קיין שום כוח פון אונז נישט אוועקנעמען, אַפילו דער טויט אַליין. מיר האָבן פאַרלוירן מעדעמען דעם פירער, מיר האָבן באַקומען מעדעמען אַלס מוסטער און אידעאַל, אַלס סימבאָל און פאָן. און דעם דאָזיקן מעדעמען קאָן די צייט, ווי לאַנג זי זאָל נישט זיין, נישט אויסמעקן פון אונזער זכרון, נישט אַרויס־רייסן פון אונזערע הערצער.

מיר לעבן איצט איבער אַ שווערע און פוילע צייט. ביי אַ טייל יידישע אַרבעטער זענען ווידער אויפגעשוואומען די אַלטע שאָטנס פון גלות־געפּאַלנקייט, פון אומגלויבן אין אייגענע כוחות, פון אַפּהענטיקייט און אַפּאַטיע. אין אַזאַ צייט איז באַזונדערס נויטיק צו פאַרנעמען די מונטערנדיקע און שטאָלצע שטים פון וולאַדימיר מעדעם, וואָס האָט גערופן די יידישע אַרבעטער צו האַלטן הויך דעם קאָפּ, צו גלויבן אין זייערע כוחות און מוטיק צו קעמפן פאַר זייערע רעכט.

מיר לעבן אין אַ צייט, ווען דער אומגלויבן אין די שע־פערישע מעגלעכקייטן פון דער נייער יידישער קולטור האָט

פארבאפט אויף געוויסע ארבעטער־קרייזן. אין אזא צייט איז פאר אונז אלע זייער בוציק זיך אפצופרישן אין די טיפע קוואלן פון ענטוזיאזם און גלויבן אין קולטורעלן כוח פון די יידישע מאסן, מיט וועלכע ס׳האט געשפרודלט און געברויזט דער שאפנדיקער גייסט פון וולאדימיר מעדעם.

וולאדימיר מעדעם — דאס איז אונזער ליכטיקע זון, אונזער טרייסט און קוואל פון באגייסטערונג.

זאל די דאזיקע זון קיינמאל ביי אונז נישט פארגיין, זאל די דאזיקע ליכט נישט פארלאשן ווערן אין אונזערע הערצער, זאל זי אונז טרייסטן אין די שווערע צייטן און אונז באגייס־טערן צו נייע מעשים, צו די גרויסע קאמפן און העלדישע שלאכטן, וועלכע ווארטן אויף אונז!

„א. פאלקסצייטונג". 1926. נומ׳ 7.

# דער פירער און זיין צוואה
## (צום 5־טן יאָרצייט פון וולאַדימיר מעדעם)

**.3**



ין מיטן הו־הא פון דער וואַל־קאַמפּאַניע, אין סאַמע טומל פון אונזערע וואַל־הכנות, אויפן רווישיקן פראָנט פון אונזערע וואַל־שלאַכטן, טרעפט אונז היינט אַלע דער שווארצער טאָג, דער 9־טער יאַנואַר, ווען דער טויט האָט מיט 5 יאָר צוריק פון אונז מעדעמען אַוועקגעריסן, אַוועקגערויבט אַזוי אומ־ברחמנותדיק אויף אייביק.

און מיר בלייבן היינט שטיין מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ, די טאָג־אַרבעט ווערט אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן, אונזערע רויטע פאָנען ווערן מיט שוואַרצן קרעפּ באַדעקט און אונז אַלע פּאַרכאַפּט אַזא קלעמענדיקע בענקשאַפט נאָך אים, נאָכן קאַ־פּיטאַן פון אונזער שיף, נאָך אונזער קאָמענדאַנט, אונזער פירער.

נישטאָ מעדעם. ווי נויטיק האָבן מיר איצט געדאַרפט האָבן, אַז ער זאָל מיט זיין העלער פרימאָרגן־שטים וועקן דעם גלויבן ביי די יידישע אַרבעטער צו דער גרויסער שווערער אַר־בעט, וואָס זיי שטייט איצט פאָר, ווי וואָלט ער עס איצט גע־מוטיקט די שוואַכע, באַגייסטערט די גלויביקע, אַראָפּגעריסן די מאַסקע פון די פאַלשע און צעשמעטערט די, וואָס שטערן און ברעכן.

מער ווי ווען דאָס איז, נויטיקן מיר זיך איצט אין מע־דעמס וואָרט, אין מעדעמס פּען, אין מעדעמס גרויסן אויטאָ־ריטעט, אין מעדעמס באַגייסטערנדיקער פּערזענלעכקייט.

ווייל קיינמאָל נאָך איז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן נישט געשטעלט געוואָרן פאַר אַזעלכע גרויסע און שווערע אויפגאַבן, ווי אין איצטיקן מאָמענט. ער איז אויסגעוואַקסן צו

א גרויסן מאַסן־כּוח אין יידישן לעבן. די ברייטסטע אַרבעטנ־דיקע שיכטן ווענדן אויף אים זייערע בליקן און האָפענונגען. די גאַנצע יידישע אָרעמקייט זעט אין אים איר העגעמאָן אין אוואַנגאַרד אינם קאַמף קעגן דער פאַריסנקייט פון דער פוי־לישער רעאַקציע און קעגן דער תקיפות פון די היימישע גבירישע בעלי־טובות.

וולאַדימיר מעדעמען איז נישט באַשערט געווען צו זען מיט זיינע אויגן דעם גרויסן וווּקס און מעכטיקע השפעה פונם „בונד" אין פוילן. ער האָט צו דעם געשטרעבט, ער האָט אונז אַלע דערצו געמוטיקט, ער האָט עס פאַרויסגעזען מיט זיין וויטן בליק. ער איז אָבער אַוועק פון דער וועלט אין די שווערסטע ציטן פאַרן „בונד" אין פוילן, אין די יאָרן פון טעאָרעטישן כאַאָס און אָרגאַניזאַציאָנעלן געראַנגל, אין די יאָרן פון אידעישן קריזיס און פּאָליטישער שוואַכקייט פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. ער האָט אויסגעהויכט זיין גרויסע נשמה מיט די ווערטער פון בענקשאַפט נאָכן „בונד" אין פוילן, נאָך זיין צווייטער „היים".

און אַט שטייען מיר היינט אין פייער פון פּאָליטישן געראַנגל, אַרומגערינגלט מיט גרויסע מחנות אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס און ס'רייצט אונז אַזאַ בענקענדיק געפיל נאָכן פריציייטיק־פאַרשטאָרבענעם פירער, מיר גאַרן אַזוי צו הערן זיין קרעפטיק וואָרט, מיר וואַרטן אַזוי אויף זיין שטאָל־שאַרפן געדאַנק.

און זיין וואָרט דערגרייכט צו אונז, זיין געדאַנק גייט אויף אין אונז! עס שווימען אויף אין אונזער זכרון די אַלע מעכטיקע ווערטער, מיט וועלכע מעדעם פלעגט מוטיקן די פּראָ־לעטאַרישע מחנות אין זייער קאַמף פאַר פּאָליטישער און סאָ־ציאַלער באַפרייונג. עס בליען אויף אין אונז די אַלע גרויסע געדאַנקען, מיט וועלכע מעדעם האָט באַצירט און געקרוינט דעם מעכטיקן בנין פון יידישן פּראָלעטאַריאַט — דעם „בונד".

און עס פֿלאַטערט העכער אונזער רויטע פֿאָן און עס קלאַפּן שטאַרקער אונזערע פֿאַרהאַרטעוועטע הערצער: ניין, ער לעבט. דער טויט האָט אים ביי אונז נישט אַוועקגענומען! אונז איז פֿאַרבליבן מעדעמס רייכע ירושה. מיר וועלן אָפּהיטן טריי זיין גרויסע צוואה. אונטער מעדעמס רוף וועלן מיר זיך אַלע וואַרפֿן אין שלאַכט, מעדעמס גרויסע אידעאַלן וועלן אונז פֿירן צום זיג!

„נ. פֿאָלקסצייטונג". 1928. נומ' 8.

# ביים אַפּענעם קבר
## (צום טויט פון ד"ר באָריס יאָפע)

ס'איז שווער, ס'איז פּיינלעך צו רעדן וועגן טויט פון יעדן נאָענטן מענטש, פון יעדן פארלוירענעם באַקאַנטן. יעדער טויט איז פארלוסט, יעדער קבר — א ווונד. אָבער עס איז שרעקלעך קוועלנד, ס'איז יסורימדיק שמערצלעך צו שרייבן וועגן דעם פּלוצלונגען אומקום פון א יונגן, בליענדיקן פריינט, וועגן א קאַטאַסטראָפאַלן טויט, וואָס רייסט אַוועק פון אייך אומגעריכט א שטיק לעבן. פול מיט מעגלעכקייטן, האָפענונגען און שעפערישע כוחות.

דאָ ענטפערט נישט בלויז דער שמערצלעכער באַוווּסטזיין פון פארלוסט, נאָר אויך א געפיל פון אייגענער פארלוירנקייט. עס ברענען נישט נאָר די יסורים פונם שטאַרקן קלאַפּ, נאָר עס פאַראַליזירט אויך די טעמפּקייט פונם אומזין, די אומבאַהאָלפנקייט קעגן יעדער בלינדער גרויזאַמקייט...

דאָס אומקומען פון יונגן, מוטיקן און זיך פאַנאַנדערבליענדיקן חבר יאָפע, איז אַזאַ גרויסער אומזין, אַזאַ קעגנטאַטירלעכע זאַך, אַזאַ טעמפּע רשעות, אַז יעדער טרייסט־וואָרט ווערט פארגליווערט אויף די ליפּן און עס פארבלייבט אונז נאָר צו בויגן אונטערטעניק, געבראָכן, דעם קאָפּ פאַר דער אומבאַגרייפלעכער קאַטאַסטראָפע...

* * *

אַפּנים דאָס איז שוין אונזער מזל אַזאַ, אונזער אומגליק,

אונזער גורל: צו פארלירן אונזערע טוער, אונזערע פריינט, אונזערע בעסטע אין די יונגע יארן, אין בליענדיקן עלטער, אין מיטן ברען פון דער ארבעט און קאמף.

עפעס א שווערע קללה הענגט איבער דער יידישער אר־בעטער־באוועגונג, איבער אונזער פארטיי: דער טויט רויבט אוועק פון אונז אונזערע טוער און פירער, גראד אין יענעם מאמענט, ווען זייערע פעיקייטן צעבליען זיך אמשענסטן, ווען זייערע כוחות ווערן ערשט רעכטצייטיק און זייערע לייסטונ־גען ווערן פארטאפלט, פארשטארקט.

גראד אונז, וואס זענען אזוי ארעם אין אינטעלעקטועלע כוחות, גראד דער יידישער ארבעטער־באוועגונג, ביי איר גרויסן דלות אין קולטור און אינטעליגענץ, איז באשערט צו פארלירן, צו באגראבן פארשווענדעריש אין דער ערד א גרויסע עשירות פון נישט אויסגענוצטער ענערגיע, פון נישט אויסגעשפראכענע געדאנקען, פון נישט רעאליזירטע שאפונגס־מעגלעכקייטן.

* * *

מיט זעקס יאר צוריק האב איך אים, דעם חבר יאפע, צום ערשטן מאל באגעגנט צווישן די טאטרען אין זאקאפאנע. ער איז נאך דאמאלט געווען א יינגער סטודענט, גרין, אומרייף. אבער שוין באלד פון דער ערשטער באגעגעניש האט א שטראל געטון פאר מיר א מענטש מיט א קרישטאל־ריינער נשמה, מיט א שטאלצער לאגיק און אויפריכטיקן כאראקטער. איר האט געזען, אז איר האט פאר זיך א סאציאליסט, נישט קיין מעכאנישן קאפ־ אדער בוך־סאציאליסט, נאר אן ארגאנישן, אינטימען, פון זיך ארויסשטראלנדיקן סאציאליסט, וואס טראגט דעם סאציאליזם אין זיינע געבליטן, וואס לעבט אויס דעם צוקונפטיקן מענטש אין זיינ'ע געפילן.

ער האט נאך דאמאלט קיין יידיש נישט פארשטאנען. ער האט אבער זיך שוין געלערנט לייענען יידיש, האט זיך גע־קליבן צו ארבעטן צווישן די יידישע ארבעטער, האט זיך גע־

גרייט אריינצוטרעטן אין אקטיוון קאמף. און א האפענונג האט געלויכטן, א טרייסט האט געשטראלט: עס וואקסט א טוער, עס גרייט זיך א נייער, יינגער כוח...

מיט א פאר יאר שפעטער האב איך אים געטראפן אין ווארשע אין זעלנערישע מלבושים, געקומען אלס מיליטער־דאק־טאר פונם פראנט ערגעץ אויף די קרעסן. שרעקלעכע איבער־לעבונגען, מאראלישע יסורים פונם געזעענעם און געטראפענעם. ער איז אבער דער זעלבער צארטער, איידעלער, דזשענטעלמע־נישער יאפע — נאר שוין פעסטער, פארהארטעוועטער. אים ציט צו דער גרויסער שטאט. ער וויל זיך באזעצן אין ווארשע, לאדזש, אין די צענטרען פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג. אבער דאס איז אים מאטעריעל אוממעגלעך אויסצופירן. און אלס ייד קען ער קיין רעגירונגס־שטעלע נישט באקומען.

דער לעצטער צוזאמענטרעף. יאפע קומט אלס דעלעגאט פון קראקע. ווי אויסגעוואקסן, ווי זיך פאנאנדערגעבליט. די לאגיק אזוי שניידיק, די ווערטער אזוי פעסט געבויט. א רייפער בונדיסט, א פאליטישער קעמפער. דאס אויג קוועלט אן, דאס הארץ צאפלט פון נחת: צוגעקומען א חבר, אויסגעוואקסן א פירער.

* * *

און פלוצלונג קומט א טויטער, בלינדער שטיין און ציט אים אריין מיט זיך אין טיפן שלוכט...

אויסגעלאשן דער שטראל, פארשווינדן די האפענונג.

* * *

און אונז איז פארבליבן בלויז אונזער שבועה, די שבועה פון בלוט און פון טרערן...

„פאלקסצייטונג”, 28־טן אויגוסט 1925. נומ׳ 200.

# קלמן קאַמאַשנמאַכער

געשטאָרבן מיט דעם „נאַטירלעכן" טויט פון אַ פּראָלעטאַריער, געפאַלן אויפן פּאָסטן, ווי אַן אַלטער זעלנער.

שטיל און לאַנגזאַם איז ער אויסגעגאַנגען פון הונגער, קעלט און דחקות, מיט וועלכע די הייגטיקע וועלט באַלוינט די פּראָדוצירער, די, וואָס שאַפן פאַר איר פאַרמעגן און רייכטום.

העכער צוויי־צענטליק יאָר איז דער דאָזיקער זעלנער געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן אויפן אַרבעטס־פראָנט. זיינע כוחות האָט ער אַוועקגעלייגט אין שמוציקן ווערקשטוב, זיינע מוסקולן, שווייס און בלוט זענען יאָרן־לאַנג איבערגעשאַפן געוואָרן אין סחורות, אין רייכטום. רייכטום און פאַרמעגן פאַר אַנדערע, אָבער נישט פאַר זיך. די צוויי־צענטליק יאָר שווערע פּראַצע האָבן אים נישט געקאָנט פאַרזיכערן קיין ברויט צו זעט, קיין דאַך איבערן קאָפּ, קיין געלעגער צום שלאָפן. ער איז זיין גאַנץ קורץ לעבן אָפּגעקומען אין די ענגע וואַרשטאַטן, אין שטענדיקער דחקות און נויט, ביז ער האָט שטיל און אומגעריכט אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם אויף דעם דאָזיקן גרויזאַמען, רחמנותלאָזן אַרבעטס־פראָנט.

יאָרן־לאַנג האָט די „פּראָלעטאַרישע קרענק" געפרעסן זיינע לונגען, צעשעדיקט זיין אָרגאַניזם, געזויגן זיין לעבנס־זאַפט. דער שווינדזוכט צו־הילף זענען געקומען אַרבעטלאָזיקייט, הונגער, די שטענדיקע זאָרג, ווו איבערצונעכטיקן אַ נאַכט, ביז

זיין געבראכענער ארגאניזם האט נישט אויסגעהאלטן און זיין לעבן איז אויסגעלאשן געווארן.

אבער קלמן איז נישט געווען קיין בלינד ווערקצייג אין דער סטיכישער פראדוקציע־סיסטעם. ער איז נישט געווען קיין פשוטער זעלנער אויפן ארבעטס־פראנט. קלמן איז געווען א באוווסטזיניקער פראלעטאריער. א מוטיקער קעמפער קעגן דער היינטיקער וויסטער ארדענונג, אן איבערצייגטער סאציאליסט, אן אנטשיידענער רעוואלוציאנער.

פון זיינע יינגלשע יארן אן (קלמן איז געבוירן געווארן אין יאר 1892 אין ווענגראוו, ביי שעדלעץ), שוין צו 14—15 יאר, שליסט ער זיך אן אין דער קעמפנדיקער מחנה פון יידישן פראלעטאריאט, וואס איז ארגאניזירט אין „בונד". ער ווערט א טעטיקער מיטגליד אין דער בונדישער ארגאניזאציע. ער מאכט־מיט מיט זיינע באוווסטזיניקע חברים דעם רומפולן, מארטירערישן און העלדישן וועג פון יידישן ארבעטער־קלאס און טרעט נישט אפ פון דעם דאזיקן וועג ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן.

אט דער דאזיקער באוווסטזיין פון א קעמפער, וואס גיט אפ זיין לעבן פאר א נייע, ליכטיקע און פרייע וועלט, אט דער אינערלעכער שטאלץ פון א מענטש, וואס איז דורך־און־דורך דורכגעדרונגען מיט א גרויסער און שיינער באפרייונגס־מיסיע: אט די זיכערקייט פון א סאציאליסט, וועלכער צווייפלט נישט אויף קיין איין רגע אין דער אומפארמיידלעכקייט פון סאציאליסטישן נצחון —

אט דאס אלץ האט אונטערגעהאלטן זיינע קנאפע כוחות, דאס אלץ האט געהויבן דעם מוט ביי קלמן קאמאשנמאכער. האט אים אנגעפילט מיט אינערלעכער באפרידיקונג און לויטערער ליכטיקייט. ער, דער הונגעריקער און תמיד היימלאזער ארבעטער, האט געקוקט אויף דער וועלט מיט אזעלכע גוטע, לייכטנדיקע אויגן, מיט אזא ליבלעכן שמייכל אויף די ליפן.

קלמן קאמאשנמאכער איז געווען א באוווסטזיניקער ארבעטער. ער האט תמיד געשפירט די ברענענדיקע באדערפעניש אין בילדונג, אין וויסן, וואס פייניקט יעדן סאציאליסטיש־באוווסטזיניקן ארבעטער. און ער האט טאקע זיך געריסן מיט א פארצערנדיקן דראנג צו ביכער, צו בילדונג, צו וויסן און קענטעניש.

קלמן איז געווען אן אומממיטלבארער רעוואלוציאנער, א ליידנשאפטלעכער שונא פון דער קאפיטאליסטישער וועלט. גאנץ אפט האבן אים זיינע אויפגעבראכטע געפילן געשטויסן צו עקסטרעמערע אקטן. נישט זעלטן האט זיין הארץ באקומען אן איבערגעוויכט איבערן קאלטן שכל. אין יאר 1921, ווען די פאליטישע חלוקי־דעות אין „בונד“ האבן דערגרייכט זייער העכסטע ווענדונג, האט קלמן פארטרעטן דעם עקסטרעמען פליגל אין דער פארטיי און האט זיך געשטעלט אין דער שפיץ פון דער „קאמבונדיסטישער“ פראקציע. אבער קוים איז פאר קלמנען קלאר געווארן, אז די, וועלכע האבן אינסצעניזירט דעם „קאמבונד“ זענען אויסן בלויז דעם „בונד“ צו שפאלטן, די יידישע ארבעטער־באוועגונג צוצעברעקלען און צעשטויבן, האט ער זיך אפגעשאקלט פון „קאמבונד“, האט עפנטלעך אנערקענט זיין פעלער און ער האט זיך צוריקגעשטעלט אין די רייען פון „בונד“. ער איז פארבליבן א טרייער און אקטיווער מיטגליד פון ווארשעווער קאמיטעט. ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן האט ער די בונדישע פאן נישט ארויסגעלאזן פון זיינע הענט.

קלמן קאמאשנמאכער, אונטער דעם דאזיקן ביינאמען פון זיין ארבעטס־פראפעסיע, איז ער געווען באקאנט און פאפולער צווישן די ברייטסטע יידישע ארבעטער־קרייזן. און דער דאזיקער ביינאמען איז געווען ווי אנגעמאסטן צו זיין אויסגעשפראכענער פערזענלעכקייט.

קלמן קאמאשנמאכער האט אין זיך פארקערפערט אלע

ליידן און אידעאלן. די ערלעכקייט און ענטוזיאזם פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. די יידישע אַרבעטער וועלן אים, קלמנען, זיינע געפילן און זיינע אידעאלן, פאַרקערפערן אין זייערע מעשים, אין זייערע ווערק.

„כ. פאָלקסציישונג". 1926. נומ' 60.



שוין אויף זיין טויטן־בעט האָט ב. מי־כאַלעוויטש געשריבן די פאָלגנדיקע באַגרי־סונג צו דעם צוזאַמענפאַלי פון יוגנט־בונד „צוקונפט“, דעם 6־טן און 7־טן אָקטאָבער 1928 אין וואַרשע.

„יינגע חברים און פריינט!

מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט און אָנגעשטרענגטן אינטערעס שפּיר איך נאָך פון מיין געצוווּנגענער איינזאַמקייט אייער אים־פּאַזאַנטן צוזאַמענפאַלי אין אונזער הויפּט־שטאָט. איך בין טיף באַגייסטערט פון דעם גרויסן דערפאָלג פון אייער אונטערנעמונג.

ווייל דאָס זענען דאָך היינט זיך צוזאַ־מענגעפלויגן אונזערע שוועבנדיקע חלומות פון 31 יאָר צוריק. דאָס מאַרשירט היינט אַזוי שטאָלץ אונזער אייגענע „צוקונפט“, דאָס גייט אונז אַנטקעגן אַזוי ריטמיש אונזער „מאָרגנ־שטערן“.

הויבט זשע זיך העכער, איר שטורם־אַנזאָגער פון דער צוקונפט, פליט שטאַרקער, שטאָלצער, ביז איר וועט דערגרייכן דאָס לאַנד פון אַ גלייכער און פרייער מענטשהייט, ביז איר וועט קומען צו דער מלוכה פון סאָ־ציאַליזם.

ב. מיכאַלעוויטש